K 376

וויסענשאפטליכע סאציאליסטישע ביבליאטהעק.

— ערשטעס העפט —

ארויסגעגעבען פון דיא גרופפע „פארווערטס" אין לאנדאן.

# Das Arbeiterprogramm

— von —

## Ferdinand Lassalle.

דאס

# ארבייטער פראגראם

פון

## פערדינאנד לאססאל.



איבערזעצט אין א גאנץ איינפאכען אידיש־דייטש

פון

## פיליפ קראנץ.

— מיט אַ פּאָרטרעט און לעבענסבעשרייבונג פון לאַססאַל. —

123

LONDON.
*Worker's Friend* Printing Office,
40, Berner Street, Commercial Road, E.
1889

HARVARD
UNIVERSITY
LIBRARY



# פערדינאנד לאססאל.



## א קורצע לעבענסבעשרייבונג.*)

ער איז גיבאָרען גיוואָרען דעם 11-טען אַפּריל אין דעם יאָהר 1825, פֿון אידישע עלטערן, אין ברעסלוי. אין דיזע שטאָדט האָט ער בעענדיגט דאָס גימנאַזיום און האָט שוין אַלס קינד געצייגט אונגעוואוינליכע פֿעהיגקייטען, וועלכע וואַרען אָבער ניט אַזוי מערקווירדיג, וויא דיא ענערגיע זיינע. דיעזע האָט אין ברעסלוי גימאַכט איין אויפֿזעהען נאָך איידער ער איז אַלט גי-וואָרען 17 יאָהר. לאָמיר גלייך זאָגען אַז זיינע ענערגיע איז געבליעבען דיא שטאַרקסטע זייטע פֿון זיין כאַראַקטער ביז דעם לעצטען טאָג פֿון זיין לעבען.

דער אַלטער לאַססאַל, אַלליין א רייכער קויפֿמאַן, האָט גיוואָלט מאַכען זיין זון אויך פֿאַר אַ סוחר. פֿערדינאַנד האָט צוקלאַפּט דעם אַלטענס פּלענער. זיין אָרט — דאָס האָט ער גע-פֿיהלט — איז ניט גיוועזן הינטער אַ טאָנבאַנק, און ער האָט זיך פֿערשריעבען אין דער אוני-ווערזיטעט. היער האָט ער זיך בעשעפֿטיגט מיט רעכטסוויסענשאַפֿט (יוריספּרודענץ) און מיט פֿהילאָזאָפֿיע, און איןביידע האָט ער זיך באַלד פֿערשאַפֿט אַזאַ נאָמען, אַז גרויסע מעננער — מעננער וויא אַלכסנדר פֿ. הומבאָלדט און היינריך היינע — האָבען זיך גינומען פֿיר איהם אינטערעסירען. „מי דערקענט אַ לייב אפילו ווען ער איז נאָך יונג" — זאָגט ערגיצוואו היינע אַלליין.

פֿערדינאַנד לאַססאַל איז אין בערלין בעקאַנט גיוואָרען מיט דיא גרעפֿין פֿון האַצפֿעלד. דיא בעקאַנטשאַפֿט האָט גימאַכט איין איינדרוק אויף דעם יונגען מאַן'ס גאַנצען לעבען. האָט ער זיא געליעבט? וואַהרשיינליך ניט: זיא וואַר מיט 10 יאָהר עלטער פֿאַר איהם. לאַססאַל האָט אין איהר נור גיזעהן אַ פֿערפֿאָלגטע פערזאָן און האָט זיך פֿאַר איהר אָנגינומען. דיא גרעפֿין וואַר נעמליך געשיעדען פֿון איהר מאַן, און דער גראַף, וועלכער האָט איהר גיזאָללט געבין מזונות, האָט דאָס ניט גיוואָללט טאָן. דיא זאַכע האָט גידאַרפֿט קומען פֿאַר געריכט, אָבער דיא גרעפֿין וואַר ניט רייך גינוג זיך צו משפּט'ען. דער איין-און-צוואַנציג יאָהריגער לאַס-סאַל איז גיוואָרען איהר אַדוואָקאַט און, נאָך אַ פֿערלויף פֿון אַ יאָהר אַכט, האָט ער פֿיר דיא

---

*) אַ לענגערע און אויספֿיהרליכערע לעבענסבעשרייבונג פֿון לאַססאַל קען דער אידישער לעזער גיפֿינען אין „ארבייטער פֿריינד" (צווייטער יאָהרגאַנג, נומערן 27—33 און 36, 37).

גרעפֿין אויסגעפֿיהרט אַלץ, וואָס זיא האָט פֿערלאַנגט.— אין דיעזעם וואונדערבאַרען פּראָצעס (וועלכער האָט לאַססאַל׳ן כמעט אין טורמע אַריינגיבראַכט) צייגט זיך ניט נור זיין פֿייעריגער אויסדויערענדער מוטה, זאָנדערן אויך דער סאָציאַליסט, דער פֿערטהיידיגער פֿון דעם שוואַכען געגין דעם שטאַרקען. און אין דיא רעדען זיינע פֿאַר׳ן געריכט קומען שוין פֿאָר דיא ווערטער: „סאָציאַליזמוס, פּראָלעטאַריער“ א. ז. וו.

דיעזע אונגיהייערע אַכט-יאָהריגע אַרבייט, וואַר דעננאָך ניט לאַססאַל׳ס איינציגע בעשעפֿטיגונג. ער האָט אין דיאזעלבע צייט זעהר פֿיעל גילעזין און גילערנט, געפֿיהלט און גילעבט, גיקעמפּפֿט און געשטריטען. אין דעם רעוואָלוציאָנס-יאָהר 1848 האָט ער אפילו קיין בעזאָנדערס גרויסען אַנטהייל ניט גינומען. אָבער ווען דיא פּרייסישע רעגיערונג האָט מיט אַ יאָהר שפּעטער פּרובירט צוריק אַוועקנעהמען פֿון פֿאָלק דיא רעכטע, וועלכע עס האָט גיקאָסט בלוט צו ערווערבען, איז לאַססאַל גיוועזען דער ערסטער צו רופֿען „צו דיא וואַפֿפֿען!“ און דער פֿאָלקס-גענעראַל. מי האָט איהם געמשפּט אין בערלין, און זיינע פֿערטהיידיגונגסרעדע האָט דיא וועלט ערשטוינט. אָנשטאָט זיך צו פֿערטהיידיגען, האָט ער פֿאַר׳ן גיריכט אָנגיקלאָגט דיא רעגירונג—דעם קעניג אַלליין. דיא דזשורי האָט איהם ערקלערט אונשולדיג, אָבער דיא רעגירונג האָט ניט גיוואָלט איהם האָבען פֿריי, און מי האָט איהם פֿערמשפּט אויף 6 חדשים טורמע דערפֿאַר, וואָס ער האָט ניט נושא פנים גיוועזען דעם בעאַמטען, וועלכער האָט איהם אַרעטירט.

עטליכע יאָהר האָט דיא גרויסע וועלט ווייניג וואָס פֿון איהם גיהערט. ער האָט אָבער ניט גישלאָפֿען. אין 1857 איז ערשיענען זיין ווערק: „דיא פֿהילאָזאָפֿיע העראַקליטאָס דעם דונקעלן פֿאָן עפֿעזוס“. דיא וועלט וואַר פֿון דאָס נייע ערשטוינט. דאָס ווערק וואַר איינע אויסערגעווענליכע אַרבייט פֿאַר אַ יונגען מאַן פֿון 32 יאָהר. עס וואַר וואונדערבאַר, און לאַססאַל׳ס נאָמען איז גיוועזען אויף דיא ליפּפּען פֿון אַללע געלעהרטע. אום זיך אָבצורוהען, האָט ער געשריעבען אַ דראַמאַ (פֿראַנץ פֿאָן זיקינגען), און ווען דער איטאַליענישער קריעג איז גיקומען (1859), האָט ער זיך וויעדער אַריינגיוואָרפֿען אין טוממעל.

אַ יאָהר שפּעטער איז ערשיענען פֿון איהם אַנאַנדער ווערק, נאָך אַ גרעססערע אַרבייט וויא דיא ערסטע. דאָס וואַר דאָס ווערק אין צוויי בענדער וועלכעס הייסט: „דאָס זיסטעם דער ערוואָרבענען רעכטע“. היער צייגט זיך שוין דער פֿהילאָזאָף אַלס סאָציאַליסט. ער בעקעמפֿפֿט שוין דאָס פּריוואַט-אייגענטהום און דאָס ערברעכט (דאָס רעכט פֿון ירושה) און צייגט זיין גרויסעס הערץ דורך זיין העללען קאָפּף. דיא אַרבייט וואַר אַ שרעקליך שווערע. ער וואַר מיד און האָט וויעדער בעדאַרפֿט רוהע. מי פֿערשטייט וויא ער האָט גירוהט. ער האָט גיטאָן אַ לייכטערע שטיקעל אַרבייט, ער האָט אַרויסגיגעבין אַ קריטיק אויף אַ ווערק פֿון אַ געוויסען יוליאַן שמידט, אין וועלכער ער האָט געוויעזען, וויא פֿיעל ער ווייס און וויא קלוג ער קען דאָס אַרויסזאָגען. אַ וויצלינג איז ער דעננאָך ניט גיוועזין.

און נין איז ביסלעכווייז דיא אַרבייטער-בעוועגונג אין דייטשלאַנד גיוואַכסען. דער אַרבייטער האָט אומעטום זיך אָנגעהויבען צו ריהרען, צו בעוועגען און צו בעדענקען זיינע לאַגע. עס האָט געפֿעהלט אַ קאָפּ, וואָס דענקט, מיט אַ צונג דאַרין צום לעהרען און צום וועקען; אַ רעדנער און אַ פֿיהרער.

לאַססאַל איז ערשיענען.

דעם 12-טען אַפּריל 1862 איז ער אַרויסגישפּרונגען מיט אַ רעדע—דיא וואונדערפֿאָללע רעדע, וועלכע גענ. קראַנץ גיט היער אין אַ אידישע העמדעלע פֿאַר דיא אידישע לעזער. דאָס „אַרבייטער פּראָגראַם“ איז אָבגידרוקט גיוואָרען און האָט גילייגט דעם גרונדשטיין צו דיא מערקווירדיגע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָן אין דייטשלאַנד, וועלכע (מיט אַללע איהרע פֿעהלערן) איז איינע פֿון דיא וואונדערבאַרסטע ערשיינונגען אין דער וועלטגעשיכטע.

אין אַ יאָהר אַרום האָבען דיא אַרבייטער פֿעררופֿען אַ קאָנגרעס און האָבען גיפֿרעגט לאַססאַל, וויא און אויף וועלכען פֿונדאַמענט זיך צו אָרגאַניזירען. ער האָט זיי געשריעבען „איין אָפֿפֿענעס אַנטוואָרט שרייבען“. וואָס דער אינהאַלט דערפֿון איז אין צוויי ווערטער: „זייט סאָציאַליסטען.“

און נון האָט ער גינומען אַרבייטען. עס האָט זיך געגרינדעט „דער אַלגעמיינע דייטשע אַרבייטערבונד", פֿון וועלכען ער איז גיוואָרען פּרעזידענט. ער האָט מיט אַללע זיינע כחות אָרגאניזירט, אַגיטירט, גירעט, געשריעבען און גיקעמפּפֿט געגען אַללע דייטשע צייטונגען— איין כאַן געגין אַ שרעקליכע באַנדע. איין בראָשירע נאָך דיא אַנדערע איז פֿון זיין פֿעדער ערשיענען, אַ רעדע גאָך אַ רעדע, אַ ווערק נאָך אַ ווערק.

אין 1864 איז ער ווידער מיד גיוואָרען. ער איז גיגאַנגען נאָך דער שווייץ. דאָרטען אָבער האָט איינע אונגליקליכע ליעבעס-אינטריגע פֿערקירצט זיינע יאָהרען, און דער גרויסער אַגיטאַטאָר האָט גילאָזען אין אַ דועל פֿאַר אַ רוסישע דאַמע אַ לעבען, וואָס האָט גיהערט צו דיא מענשהייט.

ער איז גישטאָרבען דעם 31-טען אויגוסט, ניין און דרייסיג יאָהר אַלט.

מ. ווינטשעווסקי.



# פאררעדע.

זאָל זיך דער איינפאַכסטער לעזער גאָר ניט שרעקען פאַר דיא שוויריגקייטען און הויכע ווערטער, וועלכע ער קען טרעפען אין אָנפאַנג פון דיא טיעפזינניגע און וויססענשאַפטליכע בראָשורע פון לאַססאַל, מיט וועלכע דיא גרופפע „פאָרווערטס" האָט אָנגיפאַנגען דיא אויסגאַבע פון דיא „וויסענשאַפטליכע סאָציאַליסטישע ביבליאָטהעק". אַלע ערקלערונגען און בעווייזע פון לאַססאַל אין בעצוג אויף דיא צייט פון מיטעלאַלטער ווערען אייגענטליך ווידערהאָלט נאָכהער אין בעצוג אויף דיא צייט פון אונזערע יעצטיגע קאַפּיטאַליסטישע גיזעלשאַפט און אויך אין בעצוג אויף דיא צוקינפטיגע גיזעלשאַפט, ווען דיא אַרבייטער קלאַססע אָדער דאָס גאַנצע פאָלק וועט אָבשאַפען פריוואַט-אייגענטהום און קלאַססענהערשאַפט. איבערהויפט, יעדער געדאַנקען ווערט דייטליך ערקלערט אין דער בראָשורע, ווען מען זאָל איהר נור אויפמערקזאַם און ערנסט דורכלעזען ביז'ן סוף.

זאָל אויך דער אידישער לעזער, וועלבער האָט דיא שלעכטע געוואָהנהייט—זאָ ווייט מיינע ערפאַהרונגען אַלס רעדאַקטאָר פון „אַרב. פר." האָבען מיר עס איבערצייגט—צו לעזען דיא ערנסטעסטע זאַכען אונגיפעהר וויא אַ אידענע לייענט תחינות, אָדער יעדענפאַלס מעהר צו שלינגען געדרוקטע ווערטער אַלס ערנסט און גערולדיג נאָכצודענקען, וואָס דיזע ווערטער בע-דייטען—זאָל ער ניט מיינען, אַז דער גרעסטער געלעהרטער און פהילאָזאָף לעזט זיך דורך יעדעס בוך, אָהנע דערביי נאָכצודענקען, און אַז ער פערשטייט שוין פון ערסטען קוק אַלעס, וואָס דער פערפאַססער מיינט צו זאָגען. דעם געבילדעטסטען מענשען קומט ניט זעלטען פאָר איבערצולעזען אַ געדאַנקען עטליכע מאָל, איידער ער פערשטייט איהם גרינדליך. איך וויל אַז יעדער לעזער פון דיזע בראָשורע זאָל דאָסזעלבע טאָן און זאָל איבערהויפט לעזען מיט קאָפּ, און איך בין איבער-צייגט אַז ער וועט אַלעס גוט און גרינדליך פערשטיין.

וואָס אָנבעלאַנגט צו מיין איבערזעצונג, זאָ האָב איך מיר דיא גרעסטע מיהע גיגעבען צו שרייבען זאָ דייטליך און פּראָסט וויא נור מעגליך, אָהנע דאָס אפילו איין גידאַנקען און ערקלע-רונג פון לאַססאַל זאָל דערביי אַרויסגילאָזען אָדער גיענדערט ווערן. דיא אַרבייט וואַר אַ גאַנץ שווערע, און וויא ווייט מיר האָט געלונגען צו געבען אַ גוטע איבערזעצונג, זאָל דער אויפגיקלער-טער לעזער אורטהיילען. אין מאַנכע שטעלען האָב איך גיהאַלטען פיר נייטיג צו מאַכען בעמער-קונגען, אום דער איינפאַכער לעזער זאָל בעסער פערשטיין דעם וויכטיגען אינהאַלט פון דיא בראָשורע.

איך זאָג נאָך אַמאָל: לעזט מיט קאָפּ און גערולד לאַססאַל'ס „אַרבייטער-פּראָגראַם", לערנט דיא בראָשורע זאָ לאַנג ביז וואַנען איהר וועט איהר פערשטיין, דען נור דאַן, ווען איהר וועט איהר גרינדליך פערשטיין, וועט איהר מיט רעכט זיך קענען רופען ערנסטער און ציעלבע-וואוסטער סאָציאַליסט.

פ. קראַנץ.





# ארבייטער פראגראם.

מיינע העררען !—

ווען מען האָט מיך איינגעלאַדען צו האַלטען אַ פֿאָרטראַג פֿאַר אייך, האָב איך עס גירעכענט אַם בעסטען צו טאָן, ווען איך וועל אויסקלייבען אַזאַ פֿראַגע, וועלכע זאָל אייך בעזאָנדערס קענען אינטערעסירען און וועלכע איך זאָל קענען צוגלייך בעהאַנדלען אויף אַ שטרענג וויסענשאַפֿטליכע וויזע. איך וועל נעמליך ריידען איבער דעם ספּעציעלען צוזאַמענהאַנג צווישען דעם כאַראַקטער פֿון דיא יעצטיגע געשיכטס פעריאָדע (אַ געוויסע צייט), אין וועלכער מיר לעבען, אין דיא אידעע פֿון דיא אַרבייטער קלאַססע.

איך האָב שוין בעמערקט, אַז מיין פֿאָרטראַג וועט זיין אַ ריין וויסענשאַפֿטליכער; אָבער וואַהרע וויסענשאַפֿטליכקייט בעשטייט נור אייגענטליך אין פֿאָלקאָמענע קלאָרהייט, דייטליכקייט און פֿאָראויסזעצלאָזיגקייט (ד. ה. אָהנע פֿאָראויס אָנגינומענע און נאָך ניט בעוויזענע געדאַנקען אָדער מיינונגען) פֿון דענקען.

צוליעב דיא עכטע פֿאָראויסזעצלאָזיגקייט, מיט וועלכע איך וועל בעהאַנדלען מיין פֿאָרטראַג, וועט אונז זאָגאַר נייטיג זיין זיך קלאָר צו מאַכען, וואָס מיר פֿערשטייען אייגענטליך אונטער דיא ווערטער: „אַרבייטער", „אַרבייטערקלאַססע". דען אַפילו ווענען דעם דאַרפֿען מיר ניט קיינע פֿאָראויסזעצונגען מאַכען, אַזוי וויא דאָס וואָלט שוין גיוועזן עטוואָס אַלגימיין בעקאַנטעס און פֿעסט בעשטימטעס. אין דער ווירקליכקייט איז עס גאָר ניט דער פֿאַל.— דיא שפּראַכע פֿון גיוויינליכען לעבען פֿערבינדעט זעהר אָפֿט גאַנץ פֿערשיעדענע בעגריפֿע מיט דיא ווערטער: „אַרבייטער", „אַרבייטערקלאַססע", און מיר וועלען זיך דעריבער אין דעם פֿאָרטראַג דייטליך ערקלערן, אין וועלכען זינען מיר געברויכען דיזע ווערטער.

פֿאָרלויפֿיג אָבער איז נאָך ניט דער אָרט דערצו. מיר וועלען אָנפֿאַנגען דעם פֿאָרטראַג מיט איינע אַנדערע פֿראַגע, און נעמליך מיט דיא פֿאָלגענדע:—

דיא אַרבייטערקלאַססע איז נור איינע פֿון דיא פֿילע קלאַססען, פֿין וועלכע דיא היינטיגע גיזעלשאַפֿט בעשטייט; אין אַרבייטער האָבען עקזיסטירט אין אַלע צייטען. וויא איז עס אַלזאָ מעגליך אין וואָס פֿאַר אַ זינן האָט עס, דאָס עס עקזיסטירט אַ ספעציעלער צוזאַמענהאַנג צווישען דיא אידעען פֿון דיזע איינצעלנע בעשטימטע קלאַססע און דעם כאַראַקטער פֿון דיא געשיכטספעריאָדע, אין וועלכער מיר לעבען?

אום דיזעס צו פֿערשטיין, מוז מען, מיינע הערען, אַ בליק וואַרפֿען אין דיא געשיכטע, אין דיא פֿערגאַנגענהייט, וועלכע—ווען מען פֿערשטייט איהר נור ריכטיג—ערקלערט אין דיזען פֿאַל, וויא אין אַלע אַנדערע פֿעלע, דיא בעדייטונג פון דיא געגענוואַרט און צייגט אונז דעם גאַנג פֿון דיא צוקונפֿט. מיר וועלין דיזען איבערבליק מוזען מאַכען זאָ קירץ וויא ניר מעגליך, דען מיר וועלין זאָנסט ריזיקירען גאָר ניט צו קומען צום ריכטיגען גרונד פון פֿאָרטראַג אין דיא קורצע צייט, וועלכע מיר האָבען היער פֿאַר זיך. אָבער אונגעאַכטעט אויף דיזע געפֿאַהר, מוזען מיר וויינינגסטענס אַזא איבערבליק וואַרפֿען אויף דיא פֿערגאַנגענהייט, דאָס וויא קורץ און בעשרענקט ער זאָל ניט זיין זאָנאַר אויף דיא אַלגעמיינע אומשטענדען אין פֿאַקטען, זאָל ער אונז דאָך געבען צו פֿערשטיין דעם זינן פון אונזער פֿראַגע אין פון אונזער געגענשטאַנד.

ווען מיר וועלין אַלזאָ בעטראַכטען דאָס מיטעלאַלטער *), וועלין מיר געפֿינען, דאָס אין יענער צייט האָבען אויך גיגעבען דיזעלבע קלאַסען וויא אין אונזער צייט; אָבער אין יענער צייט זיינען זיי נאַטירליך ניט גיוועזען אַזוי ענטוויקעלט וויא יעצט. מיר געפֿינען וויַטער, דאָס איין עלעמענט אָדער גרונדזאַך איז דאַמאָלס גיוועזען הערשענד—נעמליך דער גרונדבעזיץ, דאָס לאַנדעס אייגענטהום.

דאָס וואַר דער גרונדבעזיץ, מיינע הערען, וועלכער האָט אין מיטעלאַלטער דיא רעדעל גיפֿיהרט, וועלכער האָט זיין בעזאָנדערן שטעמפעל אַרויפֿגעלייגט אויף אַלע איינריכטונגען אין אויף דעם גאַנצען לעבען פון יענער צייט. דאָס איז דער גרונדבעזיץ, וועלכער מוז אַלס דער הערשענדע פרינציפ פון יענער צייט ערקלערט וערן.

---

*) דיא געשיכטע ווערט גיוויינליך צוטהיילט אויף 3 טהייל: 1) דיא אַלטע פֿון אָנפֿאַנג (ד. ה. פֿון דער צייט ווען מיר האָבען געוויסע נאַכריכטען איבער דאָס לעבען פֿון דיא מענשהייט) ביז דעם פֿאַלל פֿון אַלטען רוים אין יאָהר 476 נאָך כריסטוס געבורט; 2) דיא מיטעלע אָדער דאָס מיטעלאַלטער פֿון יאָהר 476 ביז דיא שטאָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז גינומען גיוואָרען פֿון דיא טערקען אונטער מאַהאָמעט II אין 1453 יאָהר, אָדער ביז דיא ענטדעקונג פֿון אַמעריקא אין 1492 יאָהר, אָדער ביז דיא רעפֿאָרמאַציאָן פֿון לוטהער אין 1517 יאָהר, וויא לאַססאַל נעהמט עס אָן; 3) דיא נייע געשיכטע פֿון דיזע צייטען ביז אונזערע. אין ריין עקאָנאָמישען זינן קען מען אָבער רעכענען דיא ענדע פֿון מיטעלאַלטער, ווען דיא גרויסע פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט אויסגיבראָכען אין 1789 יאָהר, ווען דיא בורזשואַזיע אָדער קאַפּיטאַליסטישע קלאַסע איז גיוואָרען דיא ריכטיגע הערשענדע קלאַססע אויף דעם פלאַץ פֿון אַדעל און דיא גייסטליכע.

דער איבערזעצער.

דיא אירזאַכע, דאָס דער גרונדבעזיץ וואַר דאַן דער הערשענדער פּרינציפּ, איז אַ גאַנץ איינפֿאַכע, זיא בעפֿינדעט זיך אין ווירטהשאַפֿטליכען אָדער עקאָנאָמישען געבוי פֿון מיטעלאַלטער, אין דעם צושטאַנד פֿון זיינע פּראָדוקציאָן. דער האַנדעל איז דאַמאָלס גיוועזען וויינינג ענטוויקעלט, און נאָך פֿיעל וויינינגער דיא אינדוסטריע אָדער גיווערקע. דער הויפּט רייכטהום פֿון דיא גיזעלשאַפֿט איז בעשטאַנען הויפּטזעכליך פֿון אַקערבוי־פּראָדוקטען: אין תבואה, פֿרוכטען א. ז. וו.

דאָס בעוועגליכע אייגענטהום האָט דאַמאָלס גיהאַט אַ זעהר קליינע בעדייטונג אין פֿערגלייך מיט אונבעוועגליכע אָדער מיט דעם בעזיץ פֿון ערד; און וויא ווייט דאָס איז ריכטיג, קענט איהר זעהען אויס דיא אייגענטהימליכע גיזעצע, וועלכע וואַרפֿען שטענדיג אַ העלעס ליכט אויף דיא עקאָנאָמישע אומשטענדען פֿון דיא צייט, אין וועלכע זיי ווערען אויסגיאַרבייט און אָנגענומען. זאָ צום ביישפּיעל: מיט דעם צוועק אַז, דאָס פֿערמעגען פֿון פֿאַמיליען זאָל שטענדיג איבערגיין פֿון איין דור צום אַנדערען און זאָל בעשיצט ווערען געגען פֿערשווענדונג, ערקלערט דאָס מיטעלאַלטערליכע אייגענטהומס גיזעץ, אַז דאָס פֿאַמיליענפֿערמעגען אָדער וויא מען האָט עס דאַן גירופֿען „אייגען" טאָר מען ניט איבערגעבען אָדער פֿערקויפֿען אָהנע דיא איינשטימונג פֿון דיא יורשים. און אינטער דיזען פֿאַמיליענפֿערמעגען אָדער „אייגען" ווערען דאַן אויסדריקליך פֿערשטאַנען נור גרונדבעזיצע. דאָס בעוועגליכע אייגענטהום אָדער „פֿאַהרניס" וויא מען האָט עס דאַן גערופֿען (עס קומט אַרויס פֿון וואָרט פֿאַהרען און האָט בעדייטעט אַלער האַנד פֿיה, אָקסען, פֿערד, שעפּסען א. ז. וו.) האָט מען אָבער געקענט איבערגעבען און פֿערקויפֿען אָהנע דיא איינשטימונג פֿון דיא יורשים. און אין אַלגעמיין אַלע פֿאַרניסע אָדער בעוועגליכעס אייגענטהום זיינען ניט גיוועזען בעטראַכטעט און בעהאַנדעלט פֿון דעם אַלט־דייטשען געזעץ אַלס איין אונאַבהענגיגעס פּראָדוקטיוועס פֿערמעגען אָדער, מיט איין וואָרט, אַלס קאַפּיטאַל, זאָנדערן נור אַלס פּראָדוקטען אָדער פֿריכטע פֿון לאַנד, וויא, צום ביישפּיעל, תבואה; און עס האָט אויך גיהאַט דיזעלבע ווערטה וויא תבואה און אַלער האַנד גיטריידע. אַלס זעלבסטשטענדיגעס פּראָדוקטיוועס אָדער שאַפֿענדעס אייגענטהום ווערט דאַמאָלס רעגעלמעסיג בעהאַנדעלט נור דער גרונדבעזיץ. עס איז דעריבער גיוועזען גאַנץ אין דער זאַכע, פֿאָלשטענדיג ענטשפּרעכענד צו דיזע אומשטענדען, און איין איינפֿאַכער שלוס דערפֿון, אַז דער גרונדבעזיץ אין דיזע וועלכע האָבען הויפּטזעכליך גיהאַלטען אין זייערע הענד דיא ערד—און דאָס זיינען גיוועזען, וויא איך איז בעקאַנט, דער אַדעל און דיא גייסטליכע—האָבען אין יעדער הינזיכט געבילדעט דיא הערשענדע מאַכט פֿון דיא מיטעלאַלטערליכע גיזעלשאַפֿט.

וואָס פֿאַר איינריכטונגען און פֿיהרונגען פֿון מיטעלאַלטער איהר זאָלט ניט בעטראַכטען, וועט איהר אַלע מאָל בעמערקען דיזע ערשיינונג, דיזען פֿאַקט, נעמליך: דיא הערשאַפֿט פֿון גרונדבעזיץ. מיר וועלען זיך בעגניגען מיט דיא בעטראַכטונג פֿון דיא וויכטיגסטע מיטעלאַלטערליכע איינריכטונגען, אין וועלכע דער גרונדבעזיץ צייגט זיך אַרויס אַלס דער הערשענדער פּרינציפּ.

צוערסט לאָמיר אין בעטראַכט נעהמען דיא אָרגאַניזאַציאָן פֿון דיא

עפענטליכע מאכט אָדער דאָס זאָגענאַנטע פעאָדאַלע סיסטעם. איהר ווייסט, מיינע הערען, אַז דיזעס סיסטעם איז בעשטאַנען אין דעם, דאָס קעניגע, פירסטען אין גרויסע הערען פלעגען אָבגעבען צו אַנדערע הערען און ריטטער שטיקער לאַנד צום געברויך, אום דיזע זאָללען דערפאַר זיין פערפפליכ-טעט זיי צו שטיצען מיט זייערע נאַכפאָלגער („הערגעפאָלגע") אין פאַלל פון מלחמה און שטרייטעריען מיט אַנדערע גרויסע הערען אָדער פעאָדאַלען.

לאָמיר צווייטענס בעטראַכטען דיא אָרגאַניזאַציאָן פון עפפענטליכעס רעכט אָדער דיא קאָנסטיטוציאָן פון שטאַאַט. אין דיא דייטשע רייכסטאַגען איז דיא פירסטען-קלאַססע און דער גרויסער גרונדבעזיץ געוועזען פערטרעטען פון גראַפען דער איכפעריע און פון גייסטליכע. דיא שטעט האָבען נור דאַן בעקימען אַ זיץ און אַ שטימע אין דיזע רייכסטאַגען אָדער פאַרלאַמענטען, ווען עס פלעגט זיי געלינגען צו ערווערבען זיך דאָס פריווילעגיאום (פאָררעכט, פאָרצוג) פון אַ פרייע רייכסשטאָט.

דריטענס איז צו בעטראַכטען דיא שטייער פרייהייט פון גרויסען גרונדבעזיץ. עס איז נעמליך אַ כאַראַקטעריסטישע און אַ שטענדיג זיך ווידער-האָלענדע ערשיינונג, מיינע הערען, דאָס יעדע הערשענדע פריווילעגירטע קלאַססע זוכט שטענדיג ארויפצולייגען דיא לאַסט פון דיא איינהאַלטונג פון שטאַאַט (אין פראָסטע ווערטער: דיא שטייערן) אויף דיא אונ-טערדריקטע און ניט בעזיצענדע קלאַססען, אין אָפענער אָדער בעהאַלטענער, אין דירעקטער אָדער אינדירעקטער וויזע. דיא אָרימע צאָהלען אַלע מאָל דיא שטייערן אַנשטאָט דיא רייכע ווען רישעליע*) האָט אין יאָהר 1641 גיפאָדערט פון דיא גייסטליכע 6 מיליאָן פראַנק אַלס איין אויסנאַהמס-שטייער, אום צו בע-כרידיגען דיא בעדירפניסע פון שטאַאַט, האָט דיא גייסטליכע קלאַססע גיגעבען דיזע כאַראַקטעריסטישע אַנטוואָרט דורך דעם ערצבישאָף פון סאַנס: „דיא אַלטע גיוואָהנהייט פון דיא קירכע אין דער צייט פון איהר קראַפט איז געוועזען, אַז דאָס פאָלק פלעגט בייטראָגען דעם שטאַאַט זיין פערמעגען, דער אַדעל — זיין בלוט, און דיא גייסטליכקייט — איהרע תפילות".

פיערטענס קענען מיר אָנצייגען אויף דיא סאָציאַלע גערינגשעצונג און פעראַכטונג, מיט וועלכע יעדע אַנדערע אַרבייט אויסער לאַנדאַרבייט איז גי-וועזען בעטראַכטעט. אין דיא אויגען פון דיא ביידע הערשענדע פריווילעגירטע קלאַססען — דער אַדעל און דיא גייסטליכע — איז געוועזען אינווירדיג, אינאַנשטענ-דיג און זאָגאַר שענדליך צו בעשעפטיגען זיך מיט אינדוסטריע אין געווערקען, צו פערדינען געלד דורך האַנדעל אָדער האַנדווערק. זיי האָט ניר גישיינט ווירדיג און עהרענהאַפט צו בעציהען זייערע איינקינפטע פון גרונד אייגענטהום.

---

*) דער בעריהמטער קאַרדינאַל און הויפט-מיניסטער פון פראַנקרייך אונטער דעם קעניג לודוויג XIII. ער ווערט גירעכענט אַלס איינער פון דיא גרעסטע שטאַאַטסמענער און דיפלאָמאַ-טען אין דער וועלט. ער האָט אונטער אַנדערן געזוכט צו פערקלענערען דיא מאַכט פון דיא פעאָדאַלען אָדער גרויסע גרונדבעזיצער, און צו פערשטערקען דיא מאַכט פון קעניג.

דער איבערזעצער.

דיזע פיער גרויסע און וויכטיגע פאַקטען, וועלכע בעשטימען דעם פונדאַמענטאַלען כאַראַקטער פון יערע געשיכטספעריאָדע, זיינען פאָלשטענדיג גענוגענד, אום צו צייגען, וויא אַזוי דאָס איז געוועזען אַז דער גרונדבעזיץ האָט אַרויפגעלייגט זיין בעזאָנדערן שטעמפעל אויף אַלעס אין יענער צייט און האָט געבילדעט איהר הערשענדען פרינציפּ.

* * *

דיזעס איז געוועזען אַזוי ריכטיג, דאָס אפילו דיא שיינבאַר רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג פון בויערקריעג, וועלכער האָט אויסגעבראָכען אין דייטשלאַנד אין יאָהר 1524 און האָט זיך פערברייטעט אין גאַנץ שוואַבען, פראַנקען, עלזאַס, וועסטפאַלען אין אַנדערע טהיילען פון דייטשלאַנד, איז אייגענטליך געוועזען דורכדרונגען מיט דיזען פרינציפּ פון גרונדבעזיץ און איז דעריבער געוועזען אַ רעאַקציאָנערע (ריקשריטליכע) בעוועגונג, טראָץ איהרע רעוואָלוציאָנערע בענעהמינג און האַנדלונג. איהר ווייסט, מיינע הערען, דאָס דיא בויערן האָבען דאַמאָלס פערברענט דיא בורגען און שלעסער פון דיא אַדעליגע, האָבען געטייטעט דיא אַדעליגע, האָבען זיי דורכגעיאָגט דורך אַ סטראָי פון שפּיעזען, וויא דאָס וואַר געברויכליך אין יענער באַרבאַרישער צייט, און טראָץ דעם, אונגעאַכטעט אויף דיזע אויסערע רעוואָלוציאָנערע פאַרבע, איז דיא בעוועגונג געוועזען אינערליך, אין גרונד גענומען, גאַנץ רעאַקציאָנער.

דען דיא נייע איינריכטונגען אין שטאַאַט, דיא דייטשע פרייהייט וועלכע דיא בויערען האָבען געוואָלט איינפיהרען, האָבין געוואָלט, נאָך זייער שטרעבונג, בעשטיין נור אין דעם, דאָס דיא גאַנץ בעזונדערע אין פריווילעגירטע שטעלונג, וועלכע דיא פירסטען האָבין זיך ערוואָרבען צווישען דעם קייזער און דעם שטאַאַט, זאָל אָבגעשאַפט ווערן, דאָס אין דעם דייטשען רייכסטאַג זאָל קיינעם אַנדערעם ניט זיין פערטרעטען אַלס דער פרייער און אונאַבהענגיגער גרונדבעזיץ, און דאָס איבערהויפּט דער בויערליכער און ריטטערליכער גרונדבעזיץ — ביידע זיינען ביז דער צייט געוועזען אָהנע פערטרעטונג, און דאָס בעדייטעט אָהנע שטימונג אין רייכסטאַג — זאָל עבענזאָ גוט אַ שטיממע האָבין, וויא דיא גרויסע אַדעליגע פון אַלע גראַדען, נעמליך דיא באַראָנען, גראַפען און פירסטען, אָהנע ריקזיכט אויף דיא אונטערשיעדע, וועלכע זיינען צווישען זיי גימאַכט געוואָרען. דיא פערטרעטערשאַפט האָט געוואָלט אויף דיזער וויזע זיין בעשרענקט אויף דעם אַדעליגען גרונדבעזיץ פון איין זייט און אויף דעם בויערליכען פון דער אַנדער זייט.

איהר קענט דערפון גלייך זעהען, מיינע הערען, דאָס דיזער פלאַן פאָדערט שליסליך ניכטס אַנדערס אַלס אַ מעהר גערעכטע, ריינע און קאָנזעקוועטנטע (פאָלגליכע, לאָגישע) דורכפיהרונג פון דעם פרינציפּ, וועלכען דיא מיטטעלאַלטערליכע צייט, וואָס וואַר שוין נאָהענט צו איהר ענדע, האָט געלייגט אַלס איהר פונדאַמענט — נעמליך: דער גרונדבעזיץ זאָל זיין דער הערשענדער שטאָפּ אָדער עלעמענט, וועלכער זאָל בלייבען דיא איינציגע בעדינגונג צום נעהמען

אַנטהייל אין דיא אָנפֿיהרונג אָדער רעגירונג פֿון שטאַאַט. אָבער דאָס יעדער איינער קען פֿערלאַנגען דיזען אַנטהייל אויף דעם גרונד, דאָס ער איז אַ מענש, דאָס ער איז אַ פֿערנינפֿטיגעס בעשעפֿניס, אָבגליך ער בעזיצט ניט קיין ברעקיל לאַנד — דאָס איז דיא בויערן אפילו אויף דיא גדאַנקען ניט גיקומען, דערפֿון האָבין זיי גאָר קיינע אידעע ניט געהאַט! דיא דאַמאָליגע פֿער-העלטניס'ע זיינען נאָך ניט גיוועזן ענטוויקעלט דאַצו, דיא דאַמאָליגע שטרעבונגען און גערדאַנקען זיינען נאָך ניט גיוועזן גענוג רעוואָלוציאָנער.

און דעריבער איז טאַקי דיא בויערן-בעוועגונג, וועלכע איז פֿאָרגיקומען מיט אַזאַ רעוואָלוציאָנערע בעשלאָסענהייט, גיוועזן אין גרונד פֿאָלשטענדיג ר עאַק-ציאָנער, ד. ה. אָנשטאָט צו קעמפּפֿען פֿיר אַ נייען רעוואָלוציאָנערען פרינציפּ, האָט זיך דיזע בעוועגונג געשטיצט, אָהנע זיך זעלבסט קלאָר צו מאַכען דעריבער, אָהנע עס צו וויסען, אויף דעם אַלטען איינגעפֿיהרטען פרינציפּ, וועלכער האָט דאַן גראַדע געהאַלטען ביי'ן אונטערגיין, ביי'ן אָבשטאַרבען. און טאַקי דערי-בער, ווייל זיא וואַר אין דער טהאַט רעאַקציאָנער, אָבגלייך זיא האָט זיך אויגענ-שיינליך גיצייגט רעוואָלוציאָנער, איז דיא בויערן-בעוועגונג דורכגעפֿאַלען, גע-בליבען ערפֿאָלגלאָז.

אין אָפּפּאָזיציאָן (געגענהאַנדלונג) צו דיאביידע אויפֿשטענדע פון דיא בוי-ערן און דיא אַדעליגע (אונטער דער אָנפֿיהרונג פון דעם ריטטער פֿראַנץ פֿאָן זיקינגען), וועלכע האָבין געהאַט דעם זעלבען געמיינשאַפֿטליכען פרינציפּ: אַז דער אַנטהייל אין דיא פֿיהרונג פון שטאַאַט זאָל נאָך מעהרער, נאָך שטרענגער און קאָנזעקווענטער זיין בעגרינדעט אויף דעם גרונדבעזיץ — איז דיא שטרעבונג פון דאָס קעניגטהום, וועלכעס האָט זיך גישטיצט אויף דיא סואווערעניטעט (פֿאָלמאַכט) פון שטאַאַט, וויא אויף אַ פֿערטרעטער פֿון איינע שטאַאַטסאידעע, וועלכע איז אינאַבהענגיג פֿון דיא פֿערהעלטניסע פון פריוואַטבעזיץ, גיוועזן אַ פֿער-העלטניסמעסיג גירעכטע און רעוואָלוציאָנערע קראַפֿט. און דאַרום האָט נעמליך דאָס קעניגטהום בעזעסען דיא קראַפֿט, וועלכע האָט איהם געפֿיהרט צו אַ זיעג-רייכע ענטוויקלונג און צו דיא אונטערדריקונג פון דיא בויערן-און אַדעלס-בעוועגונג.

איך האָב דיזען פינקט עטוואָס לאַנג און מיט בעדייטונג בעהאַנדעלט, אום ערסטענס, אייך אָנצוצייגען דיא פֿערנינפֿטיגקייט אין דעם פֿאָרטשריט פֿון פֿרייהייט אין דער געשיכטליכען ענטוויקלונג; און דאָס האָב איך נעמליך גיוואָלט בעווייזען דורך אַ ביישפיעל, וועלכער לאָזט דאָס גאָר ניט צייגען ביי איינע אָבערפֿלעכליכע בעטראַכטונג; צווייטענס, ווייל דיא געשיכטסשרייבער (היסטאָריקער) זיינען נאָך וויט דערפֿון, צו אַנערקענען דיזען רעאַקציאָנערען כאַראַקטער פון דיא בויערן-בעוועגונג און דיא ריכטיגע אורזאַכע פון איהרען פֿאַלל און מיסלינגען, וועלכע האָבין אונבעדינגט געמוזט אַרויסקומען פון דיזען כאַראַקטער. אין געגענטהייל, דיא היסטאָריקער האַלטען דיא בויערן-קריעגע פֿאַר אַווירקליך רעוואָלוציאָנערע בע-וועגונג, ווייל זיי ווערן גענאַרט פון דעם אויסערן אויסזעהען. דריטענס, ווייל דיזעס שוישפּיעל ווידערהאָלט זיך שטענדיג אין אַלע צייטען, דאָס מענשין מיט אונקלאָרע גדאַנקען — און צו דיזע מענשען, מיינע העררען, קענען

געהערען דיא געבילדעסטע, זאגאר פראפעסארען, און זיי גיהערען אויך זעהר אפט וויא דיא קירכע פון הייליגען פויל (St. Paul *) פון טרויעריגען אנדענקען האט אונז געצייגט — פאללען אריין אין דיא אונגעהויערע טוישונג און איינבילדונג צו האלטען דאס, וואס איז נור אייגענטליך א ריינערער, אויספיהרליכער און קאנזעקוועטער אויסדרוק פון איינע אונטערגעהענדע צייטפעריאדע און געזעלשאפטס-ארגאניזאציאן, פאר א נייען רעוואלוציאנערען פרינציפ.

געגען זאלכע מענשען און ריכטונגען, וועלכע זיינען נור רעוואלוציאנער אין זייער איינבילדונג — דען זיי וועלין אונז געוויס ניט פעהלען אין דער צוקונפט וויא זיי האבין אונז ביז יעצט ניט גיפעהלט אין דער פערגאנגענהייט — וויל איך אייך וואהרנען, מיינע העררען! (**)

---

(*) לאססאל רעט דא וועגען א פערזאממלונג פון דיא בעקאנטעסטע און געבילדעסטע דייטשע דעמאקראטען און ליבעראלען וועהרענד דיא רעוואלוציאן פון 1848 יאהר. דיעזע פערזאממלונג האט שטאטגעפונגען אם 18-טען מאי 1848 יאהר אין דער פויל-קירכע פון פראנקפורט-אם-מיין אונטער דעם פארזיץ פון דעם ראדיקאלען רעוואלוציאנערען גענעראל היינריך פאן גאגערן, וועלכער איז אויך געפאללען אין דעם קאמפף מיט דיא רעאקציאן; און דיא פערזאממעלטע האבין זעהר קורצזיכטונג און דום געהאנדעלט, אבגלייך זיי האבין געהאט דיא בעסטע אבזיכטען. זיי האבין ניט בעגריפען דעם ריכטיגען גייסט פון דיא נייע צייט.

דער איבערזעצער.

(**) איך קען זיך דא ניט איינהאלטען, אום ניט צו צופיגענן עטליכע ווערטער, וועלכע לאססאל אליין וואלט אהנע צווייפעל געזאגט ווען ער וואלט יעצט גילעבט. עס געבין אויך אין דיא לעצטע צייט צווישען דיא סאציאליסטען גופו ניט ווייניג אזעלכע מענשען, וועלכע זיינען רעוואלוציאנערען נור אין זייער איינבילדונג. דאס זיינען נעמליך דיזע, וועלכע פארדערן אונבעשרענקטע פרייהייט, פאללען אינדיווידואליזמוס פון יעדע פערזאן און, פאלגליך, דיא אבשאפונג פון שטאאט אלס עטוואס, וואס דורך דעם קען זיא מענשהייט גאר ניט גליקליך לעבען און דיא סאציאלע רעוואלוציאן וועט צו קיין גוטעס ניט פיהרען. זיי זעהען אבער ליידער ניט און וויללען עס אין זייער איינבילדונג ניט בעגרייפען, אז דאס זיינען אין גרונד גענוממען דיא שטרעבונגען פון דיא העררשענדע קאפיטאליסטישע קלאססע זעלבסט. איינער פון דיא גרונדפרינציפען פון דיא היינטיגע גיזעלשאפט איז נעמליך דער אינדיווידואליזמוס, דער אויסערסטער קאמפף צווישען איינצעלנע פערזאנען (אינדיווידום) אדער דיא פרייע קאנקורענץ; און דיא שטענדיגע שטרעבונג פון דיא בורזשואזיע איז גיוועזען און בלייבט צו מאכען דעם שטאאט פיר א געוויינליכען פאליציסט, אום צו בעשיצען איהרע גערויבטע רייכטהימער; און דאס הייסט אייגענטליך דיא אבשאפונג פון שטאאט, דיא פערניכטונג פון זיינע ריכטיגע פונקציאן (פערוואלטונג), פון זיינע מאראלע (זיטליכע) אידעע, וועלכע איז נעמליך דיא סאלידאריטעט (אחדות) פון אלע זיינע בירגער. יא, מיר זיינען היינט צו פיעל עגאאיסטען אדער אינדיווידואליסטען — דען דאס איז שליסליך איינס און דאס זעלבע — און מיר ברויכען מעהר ברידערליך, מעהר סאציאל אדער אלטרואיסטען צו ווערן. לאססאל ערקלערט איבריגענס נאכהער דיא גרינדפרינציפען פון דיא קאפיטאליסטישע גיזעלשאפט, דיא שטרעבונג פון דיא בורזשואזיע אז דער שטאאט זאל ניט זיין א סאלידאריש ארגאניזירטע גיזעלשאפט, א פאליטישער קערפער, און צייגט אויך אן אם ענדע פון דיא בראשורע דאס פראגראם פון דיא פיערטע אדער ארבייטערקלאססע. איך וויל עס דא ניט וויעדערהאלען, אבער איך האף אז דיא יעניגע וואס ווען מיט קאפ דורכלעזען דיעזע בראשורע,

מיר קענען אונז דעריבער אויך טרייסטען, דאָס דיא צאָהלרייכע בעוועגונגען וועלכע זיינען גיוועזען אונטערדריקט גלייך ביין אָנפאַנג אָדער נאָך אַ קורצען ער-פאָלג (אוספיעך), וויא מיר געפינען עס אין דער געשיכטע, און וועלכע קענען אַ-רויפברינגען אויף טרויעריגע גערדאַנקען איינינע וואָהלמיינענדע פאָלקספריינדע מיט איין אָבערפלעכליכען איבערבליק, — זיינען אימער גיוועזען רעוואָלוציאָנערע בעוועגונגען נור אין דיא איינבילדונג פון זייערע אָנהענגער.

אַ ווירקליכע רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג, נעמליך אַזוינע וועלכע איז בעגרינדעט אויף איין אמת'ן נייען גערדאַנקענבפרינציפ איז נאָך ניעמאַלס אונטערגיגאַנגען, וויינינגסטענס אויף אַ לאַנגע צייט, וויא יעדער טיעפער דע:קער קען עס צו זיין טרייסט אוים דער געשיכטע בעווייזען.

* * *

איך וועל מיך יעצט צוריק קעהרען צו מיין געגענשטאַנד.

ווען דיא בויערנקריעגער זיינען נור גיוועזען רעוואָלוציאָנער אין זייער איינביל-דונג, זאָ וואר דאַגעגען ווירקליך און אמת רעוואָלוציאָנער דער פאָרטשריט פון אינדוסטריע, דיא פראָדוקציאָן פון דיא שטעט, דיא אַלץ מעהר פערברייטערטע און ענטוויקעלטע פערטהיילונג פון אַרבייט און דער דורך דיזעם אויפגיקומענער און אָנגעזאַמעלטער קאַפּיטאַל-רייכטהום, וועלכער האָט זיך אויסשליסליך צוזאַמענגעקליבען אין דיא הענד פון דיא בורזשו-אַזיע, ווייל זיא איז עבען גיוועזען דיא איינציגע קלאַססע, וועלכע האָט זיך בעשעפ-טיגט מיט אינדוסטריע און האָט זיך צוגינומען אַלע פאָרטהיילע און פערדינסטען דערפון.

דעם סוף פון מיטעלאַלטאַער און דעם אָנהייב פון דיא נייע געשיכטע פלעגט מען רעכנען זייט דיא רעפאָרמאַציאָן פון לוטהער, ד. ה. פון יאָהר 1517. און דאָס איז ווירקליך ריכטיג אין דעם זיננען, דאָס אין דיא צוויי יאַהרהונדערטע, וועלכע זיינען פאַרבייגעפלאָסען נאָך דיזע רעפאָרמאַציאָן, איז לאַנגזאַם, שטופענווייז און

---

וועלין עבען זאָ קלאָר זעהען, וויא אַלע פערנינפטיגע סאָציאַליסטען, אַז דיזע אַלע אָבשאַפער פון שטאַאַט און אָנהענגער פון אונבעשרענקטע פערזענליכע פרייהייט, וועלכע האַלטען זיך פיר אַ-זעלכע גרויסע און וואַהרע רעוואָלוציאָנערען און שיינען אויך פון דעם ערסטען אויגענבליק אַזוינע צו זיין, זיינען אין דער טהאַט אייגענטליך רעאַקציאָנער, עבענזאָ וויא דיא דיטשע בויערן זיינען גי-ווען אין 1524, ווייל זיי, אום זיך אויסצודריקען מיט דיא פאָרטרעפליכע און טיעפזיניגע ווערטער פון לאַססאַל, זיי פערלאַנגען נור אַ „מעהר גירעכטע, ריינע און קאָנזעקווענטע דורכפיהרונג פון דעם גרונדפרינציפ דער קאַפּיטאַליסטישען גיזעלשאַפט“, נעמליך אינדיווידואַליזמוס און אָבשאַפונג פון שטאַאַט—אַ פרינציפ, וועלכער האַלט ביין אונטערגיין, אָבשטאַרבען, וויא דיא גרויסע פער-ברייטונג און ענטוויקלונג פון סאָציאַליזמוס אָדער אייגענטליך דיא לעהרע פון מענשליכע סאָ-לידאַריטעט, פון געמיינשאַפטליכע אינטערעסן, איבערצייגט אונז טאָג-טעגליך. דיזע טהאַטזאַ-כע וועט געוויס דיא אַנאַרכיסטען גאָר ניט שמעקען, אָבער איך קען מיר ניט העלפען; איך זאָג עס ניט ווייל מיר גיפעהלט עס אַזוי און ניט ווייל איך וויל זיי ערגערן אָדער זאָנסט, עטוואָס; אָבער ווייל דאָס איז וויסענשאַפטליך ריכטיג און אונבעשטרייטבאַר.

דער איבערזעצער.

אונבעמערקזאַם אייפֿגעטראָטען איינע ענדערונג, וואָס האָט אין גאַנצען אומגעבי-טען דיא געשטאַלט פון דיא גיזעלשאַפֿט און האָט אין איהר האַרץ אַריינגעבראַכט אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע איז שפּעטער נור פּראָקלאַמירט (עפֿענטליך ערקלערט) גיוואָרען, אָבער ניט טהאַטזעכליך געשאַפֿען גיוואָרן דורך דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן אין 1789 יאָהר.

איהר וועט פֿרעגען, אין וואָס איז בעשטאַנען דיזע שטילע רעוואָלוציאָן?

אין דיא רעכטליכע אָדער גיזעצליכע לאַגע פון דיא אַדעליגע האָט זיך נאַך קיין זאַך ניט גיענדערט. נאָך דעם גיזעץ זיינען דער אַדעל און דיא גייסט-ליכע נאָך אַלץ גיוועזן דיא צוויי הערשענדע קלאַססען, און דיא בירגערליכע קלאַססע אָדער בורזשואַזיע איז איבעראַל געבליבען אונטערדריקט און פֿערלאָזען. אַבער ווען רעכטליך האָט זיך ניכטס גיענדערט, זאָ איז דערפֿאַר פֿאַקטיש אום זאָ מעהר גיוועזן דיא אומענדערונג אין דיא פֿערהעלטניסע צווישען דיזע קלאַססען.

דורך דיא שאַפֿונג און צוזאַמענקלייבונג פֿון קאַפּיטאַל-רייכטהום אָדער פֿין בעוועגליכען בעזיץ אין דיא הענד פֿין דיא בורזשואַזיע, אין געגענווירקונג צום גרונד־אייגענטהום אָדער אונבעוועגליכען בעזיץ, איז דער אַדעל גיפֿאַלען אין פֿאָלקאָמענע אונבעדייטענהייט, זאָגאַר אין וואַהרע אָבהענגיגקייט פֿון דיזע רייך גיוואָרענע בורזשואַזיע. דיא אַדעליגע האָבען שוין געמוזט, ווען זיי האָבען גיוואָלט שטעהען אויף אַ גלייכע שטופֿע מיט דיא רייכע בירגער, אָבזאָגען זיך פֿון זייערע קלאַססענפּרינציפּען און אָנצופֿאַנגען צו געברויכען דיא זעלבע מיטעל פֿון אינדוסטריע און האַנדעל, צו וועלכע דיא בירזשואַזיע האָט גיהאַט צו פֿערדאַנקען איהר רייכטהום און, פֿאָלגליך, איהרע טהאַטזעכליכע מאַכט.

דיא קאָמעדיעס פֿון מאָליער, וועלכער האָט גילעבט אין דער צייט פֿין לודוויג XIV, צייגען שוין אונז דיא העכסט אינטערעסאַנטע ערשיינונג, אַז דער דאַמאָליגער אַדעל פֿעראַכטעט דיא רייכע בורזשואַזיע און לעקט ביי איהר דיא טעלער אין דער זעלבער צייט.

מיר זעהען, אַז לודוויג XIV אַליין, דיזער שטאָלצעסטע קעניג, נעהמט אַראָב זיין הוט אין זיין שלאָס ווערסאַיל און ערניעדריגט זיך פֿאַר דעם יודע שמואל בערנאַר, דעם ראָטהשילד פון יענער צייט, אום ער זאָל איהם געלד לייען.

ווען לאָו (Law), דער בעריהמטער שאָטלענדישער פֿינאַנסיסט, האָט געשטיפֿטעט אין פֿראַנקאייך אין אָנפֿאַנג פון פֿאָריגען יאָהרהונדערט איינע אַקציען-גיזעלשאַפֿט, וועלכע האָט גיהאַט דעם צוועק צו פֿיהרען האַנדעל מיט דיא אַמעריקאַנישע פּראָווינצען אַרום דעם גרויסען טייך מיסיסיפּי, מיט אָסטאינדיען א. ז. וו., זאָ איז דער רעגענט פון פֿראַנקרייך אליין גיוועזן איינער פון דיא דירעקטאָרס — אַ מיטגליעד פֿון אַ האַנדעלס גיזעלשאַפֿט! יאַ, דער רעגענט האָט זיך גיפֿונען געצוואונגען אַרויסצולאָזען אין יאהר 1717 איין בעפֿעהל, אין וועלכען עס וואַר אויסדריקליך אָנגיזאָגט אַז דיא אַדעליגע קענען איינטרעטען אין זעע- און קריעגסדיענסט פון האַנדעלסקאָמפּאַניעס, אָהנע דאָס עס זאָל ערניעדריגען זייערע ווירדע. צו דיזע שטופֿע איז אַלזאָ גיקומען דער שטאָלצער און קריעגערישער פֿעאָדאַלער

אַרעל פֿין פֿראַנקרייך, צו ווערן בעוואַפֿנעטע דיענער און פּריקאַששטשיקעס פֿון אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע אונטערנעהמונגען דער בורזשואַזיע, וועלכע האָט שוין געטריעבען איהר האַנדעל אין אַלע עקען דער וועלט!

אין פֿערבינדונג מיט דיזע ענדערונג אין דיא קלאַססענפֿערהעלטניסע און מיינונגען האָט זיך דאַמאָלס אויך ענטוויקעלט אַ מאַטעריאַליזמוס, אַ הייסער, גיעריגער און אײַפֿערזיכטיגער יאָגען נאָך געלד און פֿערמעגען, צוליעב וועלכען זיינען פֿערדאָרבען געוואָרען אַלע זיטליכע אידעען, אפילו דיא קלאַססענפֿאָרטהיילע, פֿין וואָס דיא פּריווילעגירטע קלאַססען זאָגען זיך אָב ליידער זעהר שווער. אונטער דעם זעלבען רעגענט פֿון פֿראַנקרייך ווערט גירעדערט אַלס אַ גימיינער רויבערמערדער דער גראַף האָרן, איינער פֿין דיא פֿאָרנעהמסטע אַדעליגע, פֿערוואַנדט מיט דיא גרעסטע פֿאַמיליען פֿין פֿראַנקרייך, זאָגאַר מיט דעם רעגענט זעלבסט; און דיא הערצאָגין פֿאָן אָרלעאַן, אַ דייטשע פּרינצעסין, שרייבט אין אַ בריעף פֿין 29 נאָוועמבער 1719, אַז זעכס פֿין דיא פֿאָרנעהמסטע האָפֿדאַמען האָבען איין טאָג אויפֿגיפּאַסט אין אַ הויף דעם אָבענגינאַנטען לאָו, וועלכער וואַר דאַמאָלס דער אָנגיזעהענסטער און בעשעפֿטיגסטער מענש אין פֿראַנקרייך אין וועלכען עס וואַר דעריבער זעהר שווער צו פּאַקען, אום איהם צו בעוועגען, אַז ער זאָל זיי געבען איינינע אַקציען פֿון דיא קאָמפּאַניע, וועלכע ער האָט גישטיפֿטעט. דיזע אַקציען זיינען גיוועזען פֿערלאַנגט און געזוכט פֿון גאַנץ פֿראַנקרייך, און אויף דער בערזע זיינען זיי געוועזען געצאָהלט 6 און 8 מאָל מעהר וויא זייער ערסטער פּרייז, וואָס לאָו האָט אָנגיגעבען און גישטעלט. לאָו האָט זיך גראַדע בעזאָנדערס גיאיילט און האָט גאָר ניט גיוואָלט הערען דיא עדעלע דאַמען; אָבער אַזוי וויא זיי האָבען פֿון איהם ניט געוואָלט אָבטרעטען, זאָ האָט ער זיי ענדליך גיזאָגט: „מיינע דאַמען, איך בעט אייך טויזענד מאָל אום פֿערצייהונג, אָבער ווען איהר וועט מיך ניט אָבלאָזען, זאָ מוז איך פּלאַצען, דען איך האָב אַ בעדירפֿניס צו פּ... און מיר איז אונמעגליך זיך לענגער איינצוהאַלטען“. דערויף האָבען דיא 6 פֿאָרנעהמע דאַמען גיענטפֿערט: „נון גוט, מיין הערר, פּ... אַבי ניר איהר זאָלט אונז אויסהערען“. און זיי זיינען אין דער טהאַט געבליבען שטיין לעבין איהם וועהרענד ער האָט זיין בעדירפֿניס בעפֿריעדיגט, און זיי האָבען איהם פֿאַרגיליינגט זייער בקשה!

* *
*

ווען איהר וועט מיך ווייטער פֿרעגען, וואָס פֿאַר אורזאַכען האָבען גימאַכט מעגליך דיא ענטוויקלונג פֿון אינדוסטריע און פֿון דעם רייכטהום דער בורזשואַזיע, וועלכער איז דאַדורך ענטשטאַנען, זאָ וויל איך אייך ניט קענען געבען אַ פֿילן אנטוואָרט דערויף, אָהנע צו איבערשטייגען אין גאַנצען דיא צייט, וועלכע מיר קענען דאָ פֿערברייגען. איך וויל דעריבער נור אין קורצען אָנצייגען דיא אַלערוויכטיגסטע פֿון דיזע אורזאַכען: נעמליך, דיא ענטדעקונג פֿין אַמעריקאַ און דער געוואַלטיגער איינפֿלוס דערפֿון אויף דיא פּראָדוקציאָן; דיא ענטדעקונג פֿון אַ ניי-ווענ צו אָסט-אינדיען אַרום דאָס פֿאָרגעבירגע (קייפּ) פֿין גוטע האָפֿ-

נונג *) וועהרענד פֿריהער האָט מען געמוזט פֿיהרען האַנדעל מיט אינדיען און אַזיען דורך יבשה; די־א ענטדעקונג פֿון מאַגניט־אָנצייגער אָדער קאָמפּאַס, וואָס האָט געבראַכט צו אַ גרעסערע זיכערהייט און שנעלקייט פֿון ים־רייזען און אויך צו אַ פֿערקלענערונג פֿון שיף־בטראַכירונג; די־א קאַנאַלען און ברוקירטע וועגען (שאָסעען) אין אייראָפּא, וועלכע האָבען גיגעבען די־א מעגליכקייט, דורך די־א פֿער־קלענערונג פֿון די־א רייזעקאָסטען, צו פֿערקויפֿען אין ווייטערע געגענדען פֿיעלע פּראָדוקטען, וואָס עס האָט פֿריהער ניט געלוינט צו טאָן וועגען די־א טהייערקייט פֿון טראַנספּאָרט; די־א גרעסערע זיכערהייט פֿיר פּריוואַט־אייגענטהום; די־א רעגעלמעסיגע גיאָרדנעטע יוכט־ץ; די־א ערפֿינדונג פֿון פּילווער און אין פֿאָלגע דערפֿון די־א צערשטערונג פֿון די־א קריעגערישע פֿעאָדאַלע מאַכט דורך די־א רע־געלמעסיגע אַרמי־ען פֿון די־א קעניגע; די־א צערשטערונג פֿון אַדעליגע בורגען און שלעסער און פֿון זעלבסטשטענדיגע אַדעליגע חיל, און דאַהער די־א ענטלאַסונג פֿון די־א לאַנדקנעכטע און אַנדערע אָבהענגיגע, וואָס האָבען געמוזט זוכען פּרנסה אין די־א ווערקשטעלען פֿון די־א בירגער—אַלע דיזע זאַכען האָבען געהאָלפֿען צו פֿיהרען דעם טריאומפֿוואָגען (עגלת נצחון) פון די־א בורזשואַזיע.

דיזע אַלע זאַכען און עראייגניסע און נאָך פֿיעל אַנדערע, וועלכע מען קען נאָך אויסרעכנען, האָבען געטריבען צו איין שלוס, האָבען געהאַט איין ווירקונג: די־א ערעפֿנונג פֿון גרויסע אויסוועגען אָדער מאַרקען, דאָס הייסט די־א ערעפֿנונג פֿון גרויסע וועלטגעגענדען צום פֿערקויף פון פּראָדוקטען; און די־א דערמיט פֿערבונדענע פֿערקלענערונג פֿון פּראָדוקציאָנס־און טראַנספּאָרטסקאָ־סטען האָט גיפֿיהרט צו די־א פּראָדוקציאָן אין מאַססען, צו די־א פּראָדוקציאָן פֿיר דעם וועלט מאַרקעט. און דאָס האָט שוין גישאַפֿען דאָס בעדירפֿניס און נויט־ווענדיגקייט פֿון וואָלוועלע פּראָדוקציאָן, וועלכע האָט ווידער נור גיקענט ווערן בעפֿריעדיגט דורך אַלץ גרעסערע און פֿערברייטערטע טהיילונג פֿון אַר־בייט, דאָס הייסט דורך איינע אימער מעהר אויסגעפֿיהרטע פֿאַנאַנדערלייגונג פֿון יעדע מלאכה אויף איהרע איינפֿאַכע מעכאַנישע בעוועגונגען און אָפּעראַציאָנען דיזע טהיילונג פון אַרבייט רופֿט אויך פֿאַר פון איהר זייט איינע אַלץ גרעסערע מאָס פון פּראָדוקציאָן.

מיר קומען אַלזאָ, מיינע העררען, צו דעם פּונקט פון געגענזייטיגע ווירקונ־גען פֿון אורזאַכען און פֿאָלגען, פֿון איין זאַך אויף די־א אַנדערע. יעדע פֿון דיזע טהאַטזאַכען רופֿט אַרויס די־א אַנדערע, און דיזע אַנדערע ווירקען ווידער צוריק אויף די־א ערסטע; און דער רעזולטאַט ווערט דאַדורך אַלץ גרעסער און פֿער־ברייטערטער.

---

*) דאָס איז דער נאָמען פֿון דעם לעצטען פּונקט אָדער שפּיץ פֿון אַ ריקאַ אין צפון־זייט (קאַפּלאַנד). דיזער וויכטיגער יבּ־וועג וואַר ענטדעקט אין 1497 יאָהר פון דעם בערי־המטען פּאָרטו־געזישען שיפֿסקאַפּיטאַן וואַסקאָ־דע־גאַמאַ, דער נאָמען ענטאַמט דערפֿון, דאָס דיזעס פֿאָרגעבירגע האָט גיגעבין וואַסקאָ־דע־גאַמאַ די־א גוטע האָפֿנונג אַז ער וועט קומען נאָך אָסט־אינדיען.

דער איבערזעצער.

איהר וועט קלאָר איינזעהען, דאָס דיא פּראָדוקציאָן פֿון איין אַרטיקעל אין אונגיהויערע מאַססען, זיינע פּראָדוקציאָן פֿיר דעם וועלטמאַרקעט, איז נור דאַן אין אַלגימיינען לייכט און מעגליך, ווען דיא קאָסטען פֿון זיין אויסאַרבייטונג זיינען ביליג און ווען דער טראַנספּאָרט פֿון דעם אַרטיקעל איז גענוג ביליג, אום זיין פּרייז זאָל ניט צו גרויס ווערן. דען דיא פּראָדוקציאָן אין אונגעהויערע מאַססען פֿאָרדערט אויך דעם אָבזאַץ אָדער פֿערקויף אין מאַססען, און דער מאַססענהאַפֿטער אָבזאַץ פֿון אַ סחורה אָדער וואַרע קען נור אַרויסגערופֿען ווערן דורך איהר ביליגען פּרייז, אַז אַ גרויסע צאָהל מענשען זאָלען זיא קענען קויפֿען. דיא ביליגע פּראָדוקציאָנס־און טראַנספּאָרטקאָסטען פֿון אַ וואַרע רופֿען אַלזאָ אַרויס איהרע פּראָדוקציאָן אין גרויסע מאַססען. אומגיקעהרט, עס וועט אייך זאָפֿאָרט אויך קלאָר זיין, דאָס דיא פּראָדוקציאָן פֿון איין אַרטיקעל אין גרויסע מאַססען פֿערורזאַכט שוין זיינע ביליגקייט. צום בייישפּיעל, אַ פֿאַבריקאַנט וועלכער פֿערקויפֿט צוויי הונדערט טויזענד שטיקער פֿערקאַל אַ יאָהר, קען פֿערקויפֿען יעדעס שטיק פֿיעל ביליגער וויא אַנאַנדער פֿאַבריקאַנט וואָס פּראָדוצירט נור פֿינף טויזענד שטיקער, ווייל ער האָט דיא מעגליכקייט צו בעקומען ביליגער זיין רויהען מאַטעריאַל צוליעב זיין גרויסען אָנקויפֿען און אויך ווייל דער פּראָצענט אויף זיין קאַפּיטאַל אין דיא אויסגאַבען אויף זיינע מאַשינען, ווערקצייגע א. ז. וו. זיינען צוטהיילט אויף אַזאַ גרויסע צאָהל שטיקער. דיא גרויסע ביליגקייט פֿון פּראָדוקציאָן פֿיהרט אַלזאָ צו גרויס־פּראָדוקציאָן, און דיא לעצטע פֿיהרט ווידער צו נאָך אַ גרעסערע ביליגקייט, וועלכע רופֿט אַרויס אַ נאָך מאַססענהאַפֿטערע פּראָדוקציאָן, וועלכע מאַכט דיא וואַרע נאָך ביליגער, און זאָ ווייטער.

גאַנץ דאָסזעלבע איז מיט דיא טהיילונג פֿון אַרבייט, וועלכע איז פֿון איהר זייט ווידער אַ נויטוועדיגע בעדינגונג פֿון גרויס פּראָדוקציאָן און ביליגקייט, דען אָהנע איהר איז גאָר ניט מעגליך צו פּראָדוצירען אין מאַססען אָדער ביליג.

דיא טהיילונג פֿון אַרבייט, וועלכע לייגט פֿאַנאַנדער דיא פֿערפֿערטיגונג פֿון אַ זאַך אין אַ גרויסע צאָהל פֿון גאַנץ איינפֿאַכע, אָפֿט ריין מעכאַנישע און פֿערשטאַנדלאָזע אָפּעראַציאָנען, און שטעלט אויף בעזאָנדערע אַרבייטער פֿיר יעדע צוטהיילטע אָפּעראַציאָן, וואָלט גאָר ניט מעגליך געווען אָהנע מאַססענהאַפֿטע פּראָדוקציאָן פֿון דיזע זאַך. דיא טהיילונג פֿון אַרבייט ווערט אַלזאָ נור ענטוויקעלט דורך דיא גרויספּראָדוקציאָן. אימגיקעהרט, דיא פֿאַנאַנדערלייגונג פֿון אַרבייט אין איינפֿאַכע בעוועגונגען און אָפּעראַציאָנען פֿיהרט ווייטער: 1) צו איינע אימער גרעסערע ביליגקייט, 2) דעסהאַלב צו אַ פּראָדוקציאָן אין אימער גרעסערע ריזענהאַפֿטע מאַססען, צו אַ פּראָדוקציאָן, וועלכע איז ניט בערעכענט אויף דיזע אָדער יענע נאָהנטע געגענד, זאָנדערן אויף דעם גאַנצען וועלטמאַרקעט, און 3) צו איין אימער גרעסערן פֿאָרטשריט אין דער טהיילונג פֿון אַרבייט זעלבסט דורך נייע פֿאַנאַנדערלייגונגען, וועלכע ענטוויקלען זיך דורך דיא גרויס פּראָדוקציאָן א. ז. וו., און איינצעלנע אַרבייטס־אָפּעראַציאָנען.

דורך דיזע רייהע פֿון געגענזייטיגע אָדער וועכסעל־ווירקונגען איז פֿאָרגיקומען

אַ פֿאָלשטענדיגע ענדערונג אין דיא גיזעלשאַפֿטליכע אַרבייט און, פֿאָלגליך, אין אַלע לעבענספֿערהעלטניסען פון דיא געזעלשאַפֿט.

דיזע אומענדערונג לאָזט זיך אַם בעסטען ערקלערן דורך דעם פֿאָלגענדען געגענזאַץ:

אין דיא ערסטע צייטען פון מיטעלאַלטער, ווען נור אַ קליינע צאָהל פֿון טהייערע פּראָדוקטען האָט גיקענט ערטראָגען דיא טהייערקייט פון טראַנספּאָרט, האָט מען פּראָדוצירט פֿיר דיא בעדירפֿניססע פון דיא אייגענע געגענד און פֿיר אַ זעהר בעשרענקטען און נאָהנט ליעגענדען אָבזאַצקרייז אָדער מאַרק; און דיא בעדירפֿניסע פון דיזע מאַרקען זיינען דעסהאַלב גיוועזן בעקאַנט און האָבען זיך ווייניג וואָס גיענדערט. דאָס בעדירפֿניס אָדער דיא נאַכפֿראַגע פֿלעגט בעשטימען דיא פּראָדוקציאָן אָדער דעם אַנגעבאָט און פֿלעגט בילדען אַ גוט *בעקאַנטע* *מאָס* פֿיר דעם אָבזאַץ אָדער פֿערקויף פון פּראָדוקטען. אָדער מיט אַנדערע ווערטער: דיא גיזעלשאַפֿטליכע פּראָדוקציאָן איז הויפּטזעכליך גיוועזן אַ *האַנדווערקערישע*. דען דיזעס נעמליך איז דער אונטערשיעד צווישען דיא קליינע האַנדווערקעריי און דיא פֿאַבריק־אָדער גרויס-פּראָדוקציאָן, דאָס אָדער דאָס בעדירפֿניס מוז וואַרטען ביז דער אַרטיקעל ווערט פֿערטיג וויא, צום ביישפּיעל, דער שניידער וואַרט אויף מיין בעשטעלונג אום מיר אַ ראָק צו מאַכען, דער שלאָסער אום מיר אַ שלאָס צו מאַכען; אָדער אין פֿאַל ווען פֿיעלע אַרטיקלען זיינען שוין פֿאָראויס פֿערפֿערטיגט, זאָ איז דאָך דיזע פֿאָראויסאַרבייט בעשרענקט אויף אַ מינימים (דאָס קלענסטע) פון דיא פֿאָרדערונגען פון אַ געוויסען פּלאַץ און זיינע נעכסטע נאַכבאַרשאַפֿט, פֿאָרדערונגען וועלכע זיינען אַקוראַט בעקאַנט דורך מעהר אָדער וויינינגער לאַנגע ערפֿאַהרונג, וויא צום ביישפּיעל, ווען דער בלעכער מאַכט אַ געוויסע צאָהל כלים פֿאָראויס, ווייל ער ווייס אַז זיי וועלען אין גיכען פֿערקויפֿט ווערען אין שטאָט.

וואָס עס כאַראַקטעריזירט איבערהויפּט אַ גיזעלשאַפֿט, וועלכע פּראָדוצירט אַם מייכטען אויף דיזע ווייזע, איז אַרמוטה אָדער יעדענפֿאַלס נור אַ מעסיגע וואָהלהאַבענהייט, און פון דער אַנדער האַנד אַ געוויסע פֿעסטקייט און שטענדיגקייט פון אַלע פֿערהעלטניסע.

דורך דיא אונאויפֿהערענדע גיגענזייטיגע ווירקונג, וועלכע איך האָב אייך געשילדערט, איז אָבער ענטשטאַנען אַ גאַנץ ענטגעגענגעזעצטער כאַראַקטער פון געזעלשאַפֿטליכע אַרבייט און דורך דעם אויך פֿון אַלע לעבענספֿערהעלטניסע. דאָס איז גיוועזן אין *קיים* (שרש) דיא געזעלשאַפֿטליכע אַרבייט *פון* *אונזער* *צייט*, אָבגלייך זיא איז יעצט גאַנץ אַנדערס אויסגעבילדעט און ריעזענהאַפֿטיג ענטוויקעלט. און אין דיא אונגעהויערע ענטוויקלונג, וועלכע דיזע אַרט פּראָדוקציאָן האָט ערריכט יעצט, קען דער געגענזאַץ צו דיא פֿריהער בעשריבענע מיטעלאַלטערליכע פּראָדוקציאָן אַזוי אָנגיצייגט ווערן: ווען פֿריהער האָט דאָס בעדירפֿניס אַרויסגערופֿען דעם אַנגעבאָט אָדער דיא פּראָדוקציאָן, האָט גישלעפּט נאָך זיך דיא פּראָדוקציאָן און האָט בעשטימט איהרע *בעקאַנטע* מאָס און ריכטונג, זאָ גייט עס יעצט פֿערקעהרט: דיא פּראָדוקציאָן אָדער אַנגעבאָט קומט פֿריהער פֿאַר דאָס בעדירפֿניס אָדער נאַכפֿראַגע און זוכט צו *צווינגען* דאָס בעדירפֿניס.

עס ווערט יעצט פּראָדוצירט ניט פֿיר דיזע געגענד, ניט פֿיר דאָס בעקאַנטע בעדירפֿנים פֿון אַ נאָהענט ליעגענדען אָבזאַצקרייז, זאָנדערן פֿיר דען וועלטמאַרקעט. זאַכען ווערן יעצט פּראָדוצירט אין גרויסע מאַססען און פֿיר אַלע טהיילען דער וועלט, פֿיר אַ גאַנץ אינבעשטימטעס און אינבעקאַנטעס בעדירפֿנים; און אום דער פּראָדוקט זאָל קענען צווינגען דאָס בעדירפֿניס, זאָ גיט מען איהם אַ גיוועהר: דיא ביליגקייט. דאָס גיוועהר פֿון אָ פּראָדוקט איז זיינע ביליגקייט, מיט וועלכע ער ערווערבט פֿון איין זייט דעם קויפֿער און פֿון דער אַנדער זייט יאָגט אַרויס פֿון מאַרק אַלע אַנדערע פּראָדוקטען פֿון דיא זעלבע אַרט, וועלכע זיכען אויך צו פֿערכאַפּען דעם קויפֿער; זאָ דאָס אין דער טהאַט יעדער פֿאַבריקאַנט קען האָפֿען אונטער דיזעס סיסטעם פֿון פֿרייע קאָנקורענץ, וואָס פֿאַר ריזענהאַפֿטע מאַססען ער זאָל ניט פּראָדוצירען, צו געווינען אַ מאַרק פֿיר זיינע פּראָדוקטען נור דאַן, ווען עס געלינגט איהם, דורך אַ בעסערע בעוואָפֿנונג פֿון זיינע וואַארען מיט ביליגקייט, צו מאַכען זיינע קאָנקורענטען אונפֿעהיג אָנצוהאַלטען דעם קאַמפּף.

דער הויפּטכאַראַקטער פֿון אַזאַ גיזעלשאַפֿט איז פֿון איין זייט אַ גרויסער, אונערמעסליכער רייכטהום און פֿון דער אַנדער זייט אַ גרויסע בעוועגליכקייט און שאָקלען פֿון אַלע פֿערהעלטניסע, אַ כמעט שטענדיגע, זאָרגפֿאָלע אונזיכערהייט אין דער לאַגע פֿון יעדען איינצעלנען און אַ זעהר אונגלייכע אין פֿערשיעדענאַרטיגע פֿערטהיילונג פֿון דיא פֿערדיענטען צווישען די״א וואָס נעהמען אַנטהייל אין דער פּראָדוקציאָן.

אַזוי גרויס איז אַלזאָ גיוועזען, מיינע הערען, דיא ענדערונג, וועלכע דיא שטילע, רעוואָלוציאָנערע, אונטערגראָבענדע טהעטיגקייט פֿון דיא אינדוסטריע האָט אונבעמערקליך אַריינגעבראַכט אין האַרצען פֿון דיא גיזעלשאַפֿט נאָך פֿאַר דעם סוף פֿון פֿאָריגען יאָהרהונדערט.

ווען דיא קעמפּפֿער אין דיא בויערנקריעגע האָבען נאָך ניט גיוואָגט (געכמעיעט) אפילו צו פֿאַססען איין אַנדערן געדאַנקען וויא דיזען, צו גרינדען דעם שטאַאַט אויף דעם גרונדבעזיץ; ווען זיי זיינען נאָך ניט גיוועזען אין שטאַנד צו בעפֿרייען זיך אפילו אין געדאַנקען פֿון דיא מיינונג, אַז דער גרונדבעזיץ איז דער נויטווענדיגער עלעמענט פֿון הערשאַפֿט אין שטאַאַט, אַז דיא טהיילנאַהמע אין דיזען בעזיץ איז דיא בעדינגונג פֿון דיא טהיילנאַהמע אין דיזע הערשאַפֿט, — זאָ האָט שוין דער שטילער און אונבעמערקליך רעוואָלוציאָנירענדער פֿאָרטשריט פֿון דיא אינדוסטריע אַזוי ווייט גיבראַכט, דאָס נאָך לאַנג פֿאַר דעם סוף פֿון פֿאָריגען יאָהרהונדערט האָט דער גרונדבעזיץ אין גאַנצען פֿערלאָרען זיינע פֿריהערע וויכטיגקייט און איז געוואָרען גאָר אונבעדייטענד, ניעדריג אונטערגעזונקען אין פֿערגלייך מיט דיא ענטוויקלונג פֿון נייע פּראָדוקציאָנסוויזען אין רייכטהימער, וועלכע האָבען זיך טאָג-טעגליך צוזאַמענגעקליבען, און מיט דעם אונגעהייערן איינפֿלוס, וועלכען דיזעס האָט גיהאַט אויף דיא גאַנצע בעפֿעלקערונג, אויף איהרע פֿערהעלטניסע, זאָגאַר אויף דעם אָרם געוואָרענען אַדעל זעלבסט.

דיא רעוואָלוציאָן איז אַלזאָ שוין גיוועזען בערייט אין אינערן, אין האַר-

צען פון דיא גיזעלשאַפט, אין איהרע טהאַטזעכליכע פערהעלטניסע, מיט אַ לאַנגע צייט פריהער, איידער זיא האָט אויסגיבראָכען אין פראַנקרייך. עס וואַר נור נייטיג דיזע גרויסע אומענדערונג פון דרויסען, עפענטליך צו ערקע־נען, איהר צו געבען אַ מאָראַלרעכט אָדער סאַנקציאָן.

דאָס, מיינע העררען, איז איבערהויפט שטענדיג דער פאַלל מיט אַללע רעוואָלוציאָנען. מען קען ניעמאַלס מאַכען אַ רעוואָלוציאָן; מען קען נור געבען אַ רעכטליכע אַנערקענונג (סאַנקציאָן) און קאָנזעק־וועינטע דורכפיהרונג איינער רעוואָלוציאָן, וועלכע איז שוין ענט־שטאַנען און אויפגיטראָטען אין דיא טהאַטזעכליכע פערהעלטניסע פון אַ גיזעלשאַפט.

צו וועלען מאַכען אַ רעוואָלוציאָן איז אַ דומהייט פון אונרייפע, אונ־וויסענדע מענשען, וועלכע האָבען קיינע אַהנונג, קיין בעגריף פון דיא גיזעצע דער געשיכטע.

דאַרום אויך איז עס עבענזאָ דום און קינדיש צו וועלען איינהאַלטען און אונטערדריקען אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט זיך איינגעוואָרצעלט אין דיא אינגע־ווידען פון דיא גיזעלשאַפט; צו ענטזאַגען זיך איהר צו געבען אַ רעכטליכע אַנ־ערקענינג, אָדער צו מאַכען פאָרווירפע און צו בעשימפפען פעראיינען אָדער פערזאָנען, וועלכע זיינען בעהילפיג אין דיא געבורטה פון דיא רעוואָלוציאָן, אַז זיי זיינען רעוואָלוציאָנערען און רוהעשטערער. ווען דיא רעוואָלוציאָן איז איינמאָל איינגיטראָטען אין דער גיזעלשאַפט, אין איהרע טהאַטזעכליכע פערהעלטניסע — דאַן העלפט קיין זאַך ניט, זיא מוז אַרויסקומען און נעהמען פלאַץ אין דיא גיזעצע, אין דיא קאָנסטיטוציאָן פון לאַנד.

וויא אַזוי דאָס איז ענטשטאַנען און וויא ווייט דאָס האָט גיטראָפען אין דער צייט, פין וועלכער איך רייד דאָ, קענט איהר אַם בעסטען זעהען אויס איין פאַקט, וועלכען איך וועל נאָך איך פערציילען.

איך האָב שוין גישפראָכען וועגען דיא טהיילונג פון אַרבייט, וואָס איהרע ענטוויקלונג בעשטייט אין דיא פאַנאַנדערלייגינג פין יעדע פראָדוקציאָן אין אַ הייהע פון גאַנץ איינפאַכע, מעכאַנישע און פערשטאַנדלאָזע אָפעראַציאָנען.

און ווען דיזע טהיילונג ענטוויקעלט זיך אַלץ מעהר און ווייטער, זאָ גע־פינט מען אַז דיא איינצעלנע אָפעראַציאָנען און בעוועגונגען, ווייל זיי זיינען אַזוי איינפאַך און ברויכען ניט קיינע אַנשטרענגונגען פין פערשטאַנד, קענען עבענזאָ גוט און נאָך פיעל בעסער אויסגעפיהרט ווערן פין גאַנץ פערשטאַנדלאָזע זאַכען, נעמליך פין מאַשינען; און אַזוי האָט אַרקרייט (Arkwright) אין יאָהר 1775, אַלזאָ 14 יאָהר פאַר דיא פראַנצייזישע רעוואָלוציאָן, ערפונדען אין ענגלאַנד דיא ערסטע מאַשינע, דיא בעריהמטע בוימוואָל-שפינמאַשינע.

איך וויל ניט זאָגען אַז דיא מאַשינע האָט פאָרגערופען דיא פראַנצייזישע רעוואָלוציאָן. דיא ערפינדונג האָט גיטראָפען אַ צו קורצע צייט פאַר דעם, און אויסערדעם איז דיא זאַך ניט גיווען איינגעפיהרט אין פראַנקרייך; אָבער מען קען ווירקליך זאָגען אַז זיא האָט אין זיך פערקערפערט דיא רעוואָלוציאָן, וועלכע איז

פָארגיקומען אין דער גיזעלשאַפט. וויא אינשולריג דיזע מאַשינע האָט אויסגי־זעהען, איז זיא גיוועזן דיא לעבענדיג גיוואָרענע רעוואָלוציאָן.

דיא גרינדע דערפון זיינען איינפאַך. איהר האָט נאַטירליך גיהערט פון דיא שטיפטונג פון צעכען אָדער גילדיעס, וועלכע האָבען געפיהרט דיא מיטעלאַל־טערליכע פראָדוקציאָן. איך קען דאָ ניט פערציילען דיא צעכען־געשיכטע פון מיטעלאַלטער, וויא אויך ניט דיא געשיכטע וויא אַזוי דיא פרייע קאָנקורענץ האָט איבעראַל פערטראָטען דעם פלאַץ פון דיא צעכען אין דער צייט פון דיא פראַנציי־זישע רעוואָלוציאָן. איך קען נור אָנדייטען דעם פאַקט אַלס אַ בלויזע פערזיכע־רונג, אַז דיא מיטעלאַלטערליכע צעכען זיינען גיוועזן אונטרעננבאַר פערבונדען מיט אַנדערע גיזעלשאַפטליכע איינריכטונגען פון מיטעלאַלטער. אָבער ווען דיא צייט ערלויבט מיר ניט אָנצוגעבען דייטליך דיא אורזאַכען פון דיזע פעסטע, אונ־טרעננבאַרע פערבינדונג, זאָ קען מען דאָך דיא טהאַטזאַכע זעלבסט לייכט בע־ווייזען פון דער געשיכטע.

דיא צעכען האָבען אָנגעהאַלטען וועה־ענד דאָס גאַנצע מיטעלאַלטער, און ביז דיא פראַנציזישע רעוואָלוציאָן. שוין אין יאָהר 1672 האָט מען בעהאַנדעלט דיא פראַגע איבער זייער אָבשאַפונג אין דייטשען רייכסטאַג — אָבער אומזאָנסט. נאָך מעהר, אין דיא פראַנצייזישע „עטאַ זשענעראָ" (דער דאַמאָליגער פאַרלאַ־מענט) האָט דיא בורזשואַזיע נאָך אין יאָהר 1614 גיפאָרדעט דיא אָבשאַפונג פון צעכען, וועלכע האָבען שוין איהר געהינדערט אין דער פראָדוקציאָן. דאָס וואַר אויך אומזאָנסט. און זאָגאַר מיט דרייצעהן יאָהר פאַר דיא פראַנצייזישע רעוואָ־לוציאָן, אין יאָהר 1776, האָט אַ רעפאָרם־מיניסטער, דער בעריהמטער טירגאָ (Turgot), זיי אָבגישאַפט; אָבער דיא פעאָדאַלע פריווילעגירטע וועלט פון מי־טעלאַלטער האָט זיך איינגיזעהען, און מיט פאָלקאָמענעם רעכט, אין טויטסגע־פאַהר, ווען איהר לעבענספרינציפ, דאָס פריווילעגיאום, ווערט ניט דורכדרינגען אַלע קלאַסען דער גיזעלשאַפט; און דעריבער איז דער קעניג געצוואונגען גיוועזן צוריק צו רופען זיין איקאַז אין זעכס חדשים אַרום. ערסט דיא רעוואָלוציאָן האָט געשטירצט און אָבגישאַפט אין איין טאָג, דורך דעם שטורם פון באַסטיליע דאָס, וואָס מען האָט אויף גיזעצליכען וועג אומזאָנסט גיוואָלט דורכפיהרען אין דייטש־לאַנד זייט 1672 און אין פראַנקרייך זייט 1614, אַלזאָ זייט כמעט צוויי יאַהרהונדערטע.

דערפון איז צו זעהען, מיינע העררען, דאָס וואָס פאַר גרויסע פאָרטהיילע און נוצען רעפאָרם־האַנדלונגען אויף גיזעצליכען וועג זאָלען ניט ברייגגען, האָבען זיי דאָך אין אַלע וויכטיגסטע פונקטען דיזען גרויסען נאַכטהייל און מאַנגעל, דאָס זיי בלייבען אינמעכטיג וועהרענד גאַנצע יאָהרהונדערטע; פון דער אַנדער זייט אָבער, מיט וואָס פאַר אונבעשטרייטבאַרע מאַנגעל דער רעוואָלוציאָנערער וועג זאָל ניט זיין פערבונדען, האָט ער דערפאַר אין פאָרטהייל, נעמליך דאָס ער פיהרט שנעל און ענערגיש צו אַ פראַקטישען צוועק.

בעטראַכט נין גוט איין אויגענבליק מיט מיר דיא טהאַטזאַכע, מיינע העררען, דאָס דיא צעכען וואַרען אונטרעננבאַר פערבונדען מיט דיא גאַנצע

גיזעלשאַפֿטליכע אָרגאַניזאַציאָן פֿון מיטעלאַלטער, זאָ וועט איהר זאָפֿאָרט זע־הען, וויא אַזוי דיא ערסטע מאַשינע, דיא פֿון אַרקרייט ערפֿינדענע בוימוואָל מאַ־שינע, האָט אין זיך ענטהאַלטען אַ פֿאָלשטענדיגע אומענדערונג פֿון דיזע אָרגאַ־ניזאַציאָן.

דען וויא אַזוי האָט גיקענט זיין מעגליך דיא פּראָדוקציאָן מיט מאַשינען אינ־טער אַ סיסטעם פֿון צעכען, וועלכע האָבען דיא צאָהל פֿון לעהרלינגע, וואָס דער מייסטער האָט גימענט האַלטען, גיזעצליך בעשטימט אין יעדער געגענד? אָדער וויא וואַר עס מעגליך אונטער דיזעס צעכענסיסטעם, ווען דיא פֿערשיעדענע אַר־בייטס אָבטהיילונגען זיינע גיוועזען אויף דאָס גינויעסטע אָבגיגרענצט פֿון איינאַנדער און יעדער מייסטער האָט נור איינע און דיא זעלבע מלאכה גיקענט טאָן — זאָ דאָכ, צום ביישפּיעל, דיא שניידער און לאַטניקעס, דיא נאָגעלשמיעדען און סלעסאַרעס פֿין פֿאַריז האָבען גיפֿיהרט הינדערט־יעהריגע פּראָצעסען, אום פֿעכט צו שטעלען דיא גרענצען פֿון זייערע מלאכות — וויא וואַר עס אַלזאָ אונטער דיזע אומשטענדען מעגליך דיא פּראָדוקציאָן מיט אַ מאַשינען־סיסטעם, וועלכע פֿאָדערט אייגענ־טליך דיא פֿערבינדונג פֿין פֿערשיעדענאַרטיגע מלאכות אונטער דיא האַנד פֿין איינעם און דעם זעלבען קאַפּיטאַליסט?

עס איז אַלזאָ גיקומען דערצו, דאָס דיא פּראָדוקציאָן זעלבסט, דורך איהרע שטענדיגע ענטוויקלונג, האָט פֿאָרגיבראַכט אַזעלכע פּראָדוקציאָנס־אינסטרומענטען און מיטלען, וועלכע האָבען גענוהט צערשטערן דעם גאַנצען גיזעלשאַפֿטליכען צו־שטאַנד פֿין מיטעלאַלטער, ווייל זיי האָבען קיין פּלאַץ ניט גיקענט געפֿינען אין איהם.

אין דיזען זיננען האָב איך גיזאָגט, אַז אַרקרייט'ס מאַשינע איז גיוועזען אָן און פֿיר זיך אַ רעוואָלוציאָן, דען זיא האָט געטראָגען אין איהרע שרייפֿלעך און רעדלעך, וויא ווייניג מען האָט עס גיקענט בעמערקען פֿון דרויסען, דעם שרש פֿון דעם נייען צו־שטאַנד דער גיזעלשאַפֿט, געבויט אויף פֿרייע קאָנקורענץ, וועלכע האָט זיך ענטווי־קעלט פֿין דיזען שרש מיט דיא קראַפֿט און נויטוועגדיגקייט פֿון לעבען.

און ווען איך האָב קיין טעות ניט, זאָ קען אויך זיין, דאָס פֿיעלע ערשיינונגען אין פֿאַקטען עקזיסטירען יעצט, וועלכע טראָגען אין זיך אַ נייען צושטאַנד פֿון גי־זעלשאַפֿטליכע פֿערהעלטניססע און מיזען דיזען צושטאַנד נויטווענדיג ענטוויקלען אויס זיך *). דיזע ערשיינונגען זעהט מען גאָר ניט פֿון ערסטען בליק, זאָ דאָס

*) לאַסכאַל אירט זיך דאָ גאָר ניט, דען יערער מענש, וואָס בעשעפֿטיגט זיך ערנסט מיט סאָציאַלע פֿראַגען און מיינט עהרליך, זעהט יעצט קלאָר און דייטליך, אַז דיא קאַ־פּיטאַליסטישע געזעלשאַפֿט ויערט אַלץ מעהר אונטערגראָבען און דאָס זיא ענטוויקעלט נויט־ווענדיג אויס זיך אַ נייען צושטאַנד, נעמליך אַ סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציאָן דער גיזעלשאַפֿט. פֿיר יערען ענטוויקעלטען סאָציאַליסט איז דאָס אַזוי קלאָר וויא צוויי מאָל צווי איז פֿיער, און דער יעניגע וואָס פֿאַרשטייט עס נאָך ניט, קען נור זיין אַ סאָציאַליסט פֿון גיפֿיהל, אָבער ניט פֿון פֿערשטאַנד. דער וויסענשאַפֿטליכער סאָציאַליזמוס איז נעמליך געבויעט אויף דעם העכסט וויכטיגען, אונבעשטרייטבאַרען פֿאַקט, דאָס דער קאַפּיטאַליזמוס טראָגט אין זיך דעם שרש פֿון סאָציאַליזמוס און מוז אונבעדינגט צו גרונדע גיין דורך דיא ווירקונג

אפילו דיא רעגירונגען גופי, וועלכע פֿערפֿאָלגען שטענדיג אונבעדייטענדע אגיטאַטאָרס, נעהמען דיזע ערשיינונגען גאָר ניט אין אויג און בעטראַכטען זיי זאָגאַר אַלס נויטווענדיגע טרעגער פון אונזער ציוויליזאַציאָן, בעגריסען זיי אַלס איהרע בלומען און שפיצען, און אַנערקענען אין לויבען זיי מאַנכמאָל אין זייערע עפֿענטליכע רעדען.

*
* *

נאָך אַלע דיזע ערקלערונגען, מיינע הערען, וועט איהר יעצט גיט בעגרייפֿען דיא וואַהרע בעדייטונג פון דיא וועלם בעריהמטע בראָשורע, וועלכע סיעז (Siéyes) *) האָט פֿערעפֿענטליכט אין 1788, מיט אַ יאָהר פֿאַר דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן, און וועלכע קען אין אַלגעמיינען אויסגעדריקט ווערן מיט דיא ווערטער: „וואָס איז דער טיערז-עטאַ (דריטע קלאַססע)? גאָר ניט! וואָס דאַרף ער זיין? אַלעס!“

טיערז-עטאַ האָט דאַן נעמליך גיהייסען דיא בירזשואַזיע, ווייל זיא האָט געבילדעט דיא דריטע קלאַססע אין שטאַאַט, צום אינטערשיעד פון דיא פריווילעגירטע קלאַססען: דער אַדעל און דיא גייסטליכע, און זיא האָט איף דיזע וועיזע בעדייטעט דאָס גאַנצע ניט פריווילעגירטע פֿאָלק.

דיא ריכטיגע בעדייטונג פון סיעז'ס פֿראַגען און אַנטוואָרטען קען אָבער בעסער און דייטליכער אויסגידריקט ווערן, וויא דאָס פֿאָלגט אוים דעם וואָס איך האָב פֿריהער ערקלערט, אויף דיזע וועיזע:

„וואָס איז דיא דריטע קלאַססע פֿאַקטיש, טהאַטזעכליך? אַלעס. וואָס איז זיא אָבער רעכטליך, גיזעצליך? גאָר ניט.“

עס האָט זיך אַלזאָ גיהאַנדעלט וועגען דעם, צו מאַכען דיא רעכטליכע לאַגע פון דיא דריטע קלאַססע גלייך מיט איהרע טהאַטזעכליכע בעדייטונג; צו בעקימען אַ גיזעצליכע אַנערקענונג פון איהרע טהאַטזעכליכע און בעהעררשענדע בעדייטונג — און דאָס איז נעמליך גיוועזן דיא אַרבייט און דיא בעדייטונג פון דיא זיעגרייכע רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אויסגיבראָכען אין פֿראַנקרייך אין 1789 יאָהר, און פון דעם גרויסען איינפֿלוס, וועלכען זיא האָט גימאַכט אויף אַלע לענדער פון אייראָפאַ.

---

פֿון אונפֿערמיידליכע עקאָנאָמישע קריזיסען, טראַסטס אָדער מאָנאָפּאָלען א. ז. וו. פֿון איין זייט און דורך דיא שטענדיגע אָרגאַניזאַציאָן און ענטוויקלונג פֿון דיא אַרבייטער אַלס בעזאָנדערע קלאַססע, אַלס אַרבייטערקלאַססע. איך קען דאָ נאַטירליך מעהר ניט ריידען דערי‑בער, אָבער ווען איך וועל נור האָבען דיא מעגליכקייט, וועל איך בעהאַנדלען דיזען העכסט וויכטיגען פונקט אין אַ בעזאָנדערע בראָשורע. איך ראַטה פֿאָרלויפֿיג דעם לעזער צו לעזען אין „אַרבייטער פֿריינד“ מיינע אַרטיקלען: „קען דער סאָציאַליזמוס מקוים ווערן?“ (צווייטער יאָהרגאַנג, נומערן 6, 7, 8, 9 און 10) און פֿיגענבוים'ס אַרטיקלען דיא „גכיסה פֿון קאַפּיטאַליזמוס“ (פֿיערטער יאָהרגאַנג, נומערן 12, 14 און 15). דער איבערזעצער.

*) ער האָט געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין אָנפֿאַנג פֿון דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן און ער איז הויפטזעכליך גיוועזן איהר טהעאָרעטיקער און אויפֿקלערער, דען ער האָט בעסער און גרינדליכער וויא דיא איבעריגע פֿערשטאַנען איהרע שטרעבונגען.

דער איבערזעצער.

איך קען אייך דאָ ניט, מיינע העררען, פֿערציילען דיא געשיכטע פֿין דיזע גרויסע רעוואָלוציאָן. מיר קענען נור דאָ בעטראַכטען דיא וויכטיגסטע און ענטשיעדענסטע איבערגאַנגספינקטען פֿון דעם איינען צושטאַנד דער גיזעלשאַפֿט אין דעם אַנדערן, און דאָס אויך נור קורץ און פֿליכטיג, וועגין מאַנגעל אַן צייט.

עס איז יעצט נייטיג צו שטעלען דיא פֿראַגע: וועד וואַר דיזע דריטע קלאַסע, וועלכע האָט דורך דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן בעזיעגט דיא פריווילעגירטע קלאַססען און האט בעקומען דיא העררשאַפֿט איבער'ן שטאַאַט?

אַזוי וויא דיזע דריטע קלאַססע איז גישטאַנען געגען דיא פריווילעגירטע, גיזעצליך הויפטהעררשענדע קלאַססען, זאָ האָט זיא דאַן, אין דיא ערסטע מינוטע, זיך זעלבסט בעטראַכט אַלס גלייכבעדייטענד מיט דעם גאַנצען פֿאָלק, און איהרע אינטערעסען—אַלס דיא אינטערעסען פון דיא גאַנצע מענשהייט. און דערפֿון איז נעמליך גיקומען דיא הייסע, געוואַלטיגע בעגייסטערונג, וועלכע האָט גיהעררשט אין יענער צייט. דיא מענשענרעכטע ווערן עפֿענטליך ערקלערט (פראָקלאַמירט); און עס שיינט, אַלס אויב מיט דיא בעפֿרייאונג או העררשאַפֿט פון דיא בורזשואַזיע האָבען שוין אויפֿגיהערט צו עקזיסטירען אַלע גיזעצליכע פריווילעגיען און אַלס אויב אַלע רעכטליכע פריווילעגירטע אונטערשיעדען זיינען איינגעזונקען גיוואָרען אין דער אירעע פון מענשליכע פֿרייהייט.

עס איז וואַהר, שוין דאַמאָלס, גאַנץ אין אָנפֿאַנג פון דיא בעוועגונג, אין אַפריל **1789**, ביי דיא געלעגענהייט פון דיא וואַהלען אין פאַרלאַמענט, וועלכען דער קעניג לודוויג XVI האָט צוזאַמענגערופֿען מיט דיא בעשטימונג, אַז דיא דריטע קלאַססע זאָל דיזעס מאָל שיקען עבענזאָ פֿיעל פֿערטרעטער ויא דער אַדעל און דיא גייסטליכע צוזאַמענגינומען,—שוין דאַמאָלס האָט אַ רעאַקציאָנערע צייטונג מיט דעם נאָמען Ami du roi (קעניגספֿריינד) געשריעבען:—„ווער קען אונז זאָגען, אויב דער דעספאָטיזמוס פון דיא בורזשואַזיע וועט ניט אויפֿטרעטען אויף דעם פלאַץ פון דיא זאָגענאַנטע אַריסטאָקראַטיע פון דיא אַדעליגע?“ אָבער זאָלכע מיינונגען זיינען דאַמאָלס געוועזען דערטרונקען אין דיא אַלגעמיינע בעגייסטערונג.

מיר מוזען צוריק קעהרען צו דיא פֿראַגע, מיר כוזען דייטליך שטעלען דיא פֿראַגע: זיינען דיא אינטערעסען פון דיא דריטע קלאַססע וירקליך געוועזען דיא אינטערעסען פון דיא גאַנצע מענשהייט, אָדער האָט דיא דריטע קלאַסע, דיא בורזשואַזיע, גיטראָגען אין איהר האַרץ נאָך איינע פֿיערטע קלאַססע, פון וועלכער זיא האָט פון איהר זייט זיך גיוואָלט אַבשיידען גיזעצליך און וועלכע זיא האָט גישטרעבט צו אונטערוואַרפֿען אונטער איהרע העררשאַפֿט?

עס איז אָבער יעצט צייט, מיינע העררען, דאָס איך צו פֿערמיידען דיא גיפֿאַהר שלעכט פֿערשטאַנען צו ווערן, זאָל איך קלאָר אויפֿקלערן דיא בעדייטונג פון דעם וואָרט בורזשואַזיע אָדער גרויסע בורזשואַזיע אַלס אַ פאָליטישע פאַרטייבעצייכנונג און דעם זיננען, אין וועלכען איך געברויך דאָס וואָרט בורזשואַזיע.

אין דיא דייטשע שפראַכע ווערט דאָס וואָרט בורזשואַזיע איבערזעצט: בירגערטהום. אָבער איך געברויך ניט דאָס וואָרט אין דיזען זינן, דען מיר זיינען

אַלע בירגער; דער אַרביטער, דער קליינבירגער, דער גרויסבירגער אין ז. וו. דאָס וואָרט בירזשואַזיע האָט אין דעם גאַנג דער געשיכטע אָנגענומען אין געגענטהייל אַ גאַנץ בעשטימטע פּאָליטישע בעדייטונג, וועלכע איך וועל גלייך אויפֿקלערן.

דיא גאַנצע ניט-אַדעליג בירגערליכע קלאַססע איז געווען צוטהיילט, ווען דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן איז אויפֿגעטראָטען, און בלייבט נאָך היינט אין אַלגעמיינען צוטהיילט אייף צוויי אונטערקלאַססען, נעמליך: דיא קלאַססע, וועמעס מיטגליעדער בעקומען זייער איינקונפֿט הויפּטזעכליך פֿון זייער אַרבייט און האָבען קיין קאַפּיטאַל אָדער אַ גאַנץ קליינעם קאַפּיטאַל, וועלכער העלפֿט זיי צו מאַכען זיך אַ לעבין דורך פּראָדוקטיווע טהעטיגקייט, דורך אַרבייט; צו דיזע קלאַססע געהערן אַלזאָ דיא אַרבייטער, דיא קליינבירגער, האַנדווערקער און אַלע בויערן. צווייטענס, דיא קלאַססע פֿון דיא יעניגע, וועלכע האָבין אַ גרויסען בירגערליכען בעזיץ, אַ גרויסען קאַפּיטאַל, און זעצען דיזען קאַפּיטאַל אין פּראַדוקציאָן אָדער בעקומען דערפֿון פּראָצענטען. דיזע קען מען רופֿען גרויסבירגער. אָבער, מיינע הערען, אפילו אַ גרויסבירגער איז צוליעב זיין קאַפּיטאַלבעזיץ אַליין נאָך דורכאויס ניט אַ בורזשואַ.

אַ פּראָסטער בירגער האָט אייגענטליך ניט דאַגעגין, ווען איין אַדעליגער זיצט אין זיין צימער און פֿרייט זיך איבער זיינע אורעלטערן און זיין גרונדבעזיץ. אָבער ווען דיזער אַדעליגער וויל מאַכען דיזע אורעלטערן אָדער זיין גרונדבעזיץ אַלס אַ בעזאָנדערע בערעכטיגונג און פֿערדיענסט; אַלס אַ בעדינגונג פֿיר הערשאַפֿט איבער'ן שטאַאט — דאַן הייבט זיך אָן דער צאָרן פֿון בירגער געגין דעם אַדעליגען, און ער רופֿט אידם פֿעאָדאַלער.

גאַנץ דאָסזעלבע איז אויך מיט דיא טהאַטזעכליכע אונטערשיעדען פֿון בעזיץ אין דעם בירגערליכען שטאַאט.

דאָס דער גרויסבירגער איז צופֿריעדען אין זיין צימער מיט דיא גרויסע פֿערגניגען אין דעם גרויסען פֿאָרטהייל, וועלכע אַ גרויסער בירגערליכער בעזיץ ענטהאַלט אין זיך — ניכטס איז איינפֿאַכער, נאַטירליכער און רעכטמעססיגער אַלס דיזעס!

וויא שטאַרק דער אַרבייטער און דער קליינבירגער, מיט איין וואָרט, דיא גאַנצע קלאַססע וואָס בעזיצט ניט קיין קאַפּיטאַל, האָט דאָס רעכט צו פֿערלאַנגען פֿון שטאַאט, דאָס ער זאָל זיין גאַנצעס שטרעבען און דענקען אָנווענדען אייף דעם, וויא אַזוי צו פֿערבעסערן דיא טרויעריגע און עלענדע מאַטעריעלע לאַגע פֿון דאָס אַרבייטער פֿאָלק און וויא אַזוי אויך צו העלפֿען דיא אַרבייטער, וועלכע שאַפֿען אַללע רייכטהימער מיט זייערע הענד און אָהנע וועלכע דיא גאַנצע געזעלשאַפֿט וואָלט קיין איינציגען טאָג ניט געקענט עקזיסטירען, אַז זיי, דיא אַרבייטער, זאָלען בעקומען אַ בעסערע און זיכערע בעלאָהנונג און צוליעב דעם אויך דיא מעגליכקייט צו בילדען זיך, צו האָבין איין אמת'ע מענשענווירדיגע עקזיסטענץ — אלזאָ, וויא שטאַרק, זאָג איך, דיא אַרבייטער-קלאַססע איז בערעכטיגט דיזעס פֿון דעם שטאַאט צו פֿאָרדערן און דיזעס אַלס זיין אמת'ן צוועק צו שטעלען; זאָ דאַרף

דער אַרבייטער דאָך ניט פֿערגעסען, אַז יערעס איינמאָל גיזעצליך ערוואָרבענעס אייגענטהום איז פֿאָלשטענדיג רעכטמעסיג. (*)

ווען אָבער דער גרויסבירגער איז ניט צופֿריעדען מיט דיא טהאַטזעכליכע פֿערגניגען פון אַ גרויסען בירגערליכען בעזיץ אָדער קאַפּיטאַל און וויל נאָך מאַכען דיזען בעזיץ אַלס דיא בעדינגונג פין הערר־שאַפֿט איבער'ן שטאַאַט, פון בעשטימונג פון שטאַאַטס-צוועקע און שטרעבונגען — דאַן ערסט ווערט דער גרויסבירגער אַ בורזשואַ, דאַן מאַכט ער דעם פֿאַקט פון זיין בעזיץ פֿיר אַ רעכטליכע בעדינגונג פון פּאָליטישע הערשאַפֿט, דאַן צייגט ער זיך אַלס אַנגיהעריג צו אַ נייע פריווילעגירטע קלאַסע, וועלכע וויל אַרויפֿלייגען דעם שטעמפעל פין איהרע פריווילעגיען אויף אַלע גיזעלשאַפֿטליכע איינריכטונגען, עבענזאָ וויא דער אַדעל פון מיטעלאַלטער האָט עס געטאָן — וויא מיר האָבין עס גיזעהן — מיט דיא פריווילעגיען פון גרונד־בעזיץ.

דיא פֿראַגע אַלזאָ, וועלכע מיר האָבין צו שטעלען אין בעצוג אויף דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן און אויף דיא געשיכטספעריאָדע וואָס איז געקומען נאָך איהר, איז נעמליך דיזע: — האָט דיא דריטע קלאַססע, וועלכע איז געקומען צו הערשאַפֿט דורך דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן, זיך בעטראַכט אַלס בורזשואַזיע, האָט זיא געוואָלט אונטערוואַרפֿען און האָט אונטערוואָרפֿען דאָס פֿאָלק אונטער איהרע פריווילעגירטע פּאָליטישע הערשאַפֿט?

דיא אַנטוואָרט דערויף געבין אונז דיא גרויסע טהאַטזאַכען פון דיא געשיכטע, און דיזע אַנטוואָרט איז איינע ענטשיעדען בעיאַהענדע.

מיר קענען נור אַ זעהר קורצען און שנעלען בליק וואַרפֿען איף דיא וויכטיגסטע פון דיזע טהאַטזאַכען, אָבער זיי וועלין אונז דאָך פֿיהרען צו אַ ריכטיגע אין געניגענדע ענטשיידונג פון דיא פֿראַגע.

---

(*) דאָס דאַרף מען ניט פֿערשטיין בוכשטעבליך, זאָנדערן פֿיעלמעהר אַלס געגענזאַץ צו דעם וואָס לאַססאַל זאָגט דערנאָך. לאַסטאַל איז קיינעסוועגעס ניט גיוועזן דער מיינונג, אַז אַלע ערוואָרבענע אייגענטהימער זיינען רעכטמעסיג, וויא דאָס קען מען זעהען אויס אַנדערע זיינע ווערקע. ער האָט אייגענטליך דאָ אויסגעדריקט דיא אַלגעמיינע מיינונג פֿון סאָציאַליסטען, אַז מען דאַרף ניט ראַבעווען אָדער פֿערפֿאָלגען איינצעלנע רייכע פערזאָנען; זאָנדערן דאָס מען דאַרף פֿערניכטען דאָס גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, ד. ה. דיא אורזאַכען וועלכע פֿיהרען צו אונגירעכטיגקייט און צו אונגלייכע פֿערטהיילונגען פֿון דעם אַלגעמיינען רייכטהום. אָבער ער האָט עס אויסגעדריקט אויף אַזאַ פֿאַסאָן, אַז דיא קאַפּיטאַליסטען זאָלין זיך ניט שטאַרק דערשרעקען און אַז דיא רעגיערונג זאָל איהם ניט פֿערפֿאָלגען. און טראָצדעם האָט מען איהם פֿעראורטהיילט פֿאַר דיזע רעדע צו געפֿענגניס! מען דאַרף איבריגענס אויך ניט פֿאַרגעסען, אַז לאַססאַל האָט אַזוי גירעדט אין 1862 יאָה־, ווען מען איז נאָך ניט גיוועזן אַזוי רעוואָלוציאָנער וויא היינט. יעצט וועט זיך שוין ניט געפֿינען קיין איינציגער ריכטיגער סאָציאַליסט, וועלכער זאָל רעכענען פֿיר נייטיג אפילו זיך אויסצודריקען, אַז יעדעס „איינמאָל גיזעצליך ערוואָרבענעס אייגענטהום איז פֿאָלשטענדיג רעכטמעסיג"; אַז ער זאָל אַזוי דענקען, קען גאָר קיין רעדע זיין — עס איז אונמעגליך. אין דיא 25 יאָהר נאָך דעם פֿריהצייטיגען טויט פֿון לאַססאַל האָט דער סאָציאַליזמוס גימאַכט שטאַרקע פֿאָרשריטע אויף דעם רעוואָלוציאָנערען וועג.

דער איבערזעצער.

שוין אין דיא ערסטע קאָנסטיטוציאָן, וועלכע איז אַרויסגעקומען אַלס רעזול־טאַט פון דיא פראַנצייזישע רעוואָלוציאָן, נעמליך אין דער קאָנסטיטוציאָן פון 3-טען סעפטעמבער 1791 יאָהר, איז שוין געמאַכט דער אונטערשיעד (1 קאַפּיטעל, 1 און 2 אַרטיקעל) צווישען אַקטיווע בירגער און פּאַססיווע בירגער(*). נור דיא אַקטיווע בירגער האָבען געהאַט דאָס רעכט צו שטיממען, און איין אַקטי־ווער בירגער איז געווען אויף גרונד פון דיזע קאָנסטיטוציאָן נור דער יעניגער, וועלכער האָט געצאָהלט אַ דירעקטע שטייער פון אַ בעשטימטע סוממע.

דיזע שטייערצאָהלונג איז נאָך דאַמאָלס געווען ניט גרויס: זיא האָט בע־טראָפען דען ווערטה פון דריי אַרבייטסטעג—אָדער ווען מיר זאָלען שעצען דעם אַרבייטסטאָג צום ביישפּיעל 10 זילבערגראָשען—דען ווערטה פון 1 טהאַלער. אָבער פיעל וויכטיגער איז געווען דיזעס, דאָס פיר פּאַססיווע בירגער זיינען ערקלערט געוואָרען אַלע, וואָס זיינען לוינאַרבייטער. דיא אַרבייטער האָבען אַלזאָ פערלאָרען דאָס וואַהלרעכט. יעדענפאַלס שפּיעלט ניט דיא הויפּטראָלע אין זאָלכע פראַגען דער אומפאַנג (ראַזמיער) פון אַ בעשטימטעס געזעץ, זאָנדערן דער פּרינציפּ.

אויף דיזע וויזע האָט מען גלייך איינגעפיהרט אַ צענזוס, ד. ה. מען האָט געשטעלט אַ בעשטימטען בירגערליכען בעזיץ, אָדער פּראָסט גערעט, אַ געוויסע סוממע געלד, אַלס דיא בעדינגונג, אום דורך דאָס וואַהלרעכט — דאָס ערסטע און וויכטיגסטע פון אַלע פּאָליטישע רעכטע — צו קענען נעהמען אַנטהייל אין דיא בעשטימונג פון דיא פיהרונג אין שטאַאַט.

אַלע דיא יעניגע, וואָס האָבען קיינע דירעקטע שטייער געצאָהלט אָדער וואָס זיינען געווען לוינאַרבייטער, זיינען דעריבער אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דיא הער־שאַפט איבער'ן שטאַאַט און זיינען געמאַכט געוואָרען אַ בעהערשטע, אונטערוואָר־פענע מאַססע. דער בירגערליכער בעזיץ אָדער קאַפּיטאַל-בעזיץ איז געוואָרען דיא בעדינגונג פון הערשאַפט איבער'ן שטאַאַט, אַזוי וויא דער אַדעליגע בעזיץ אָדער גרונדבעזיץ איז געווען אין מיטעלאַלטער.

מיט אויסנאַהמע פון אַ זעהר קורצע צייט אין דער פראַנצייזישען רעוואָלוצי־אָן, נעמליך וועהרענד דיא רעפּובליק פון 1793, וועלכע איז געפאַלען צוליעב איהרע אונקלאָרהייט און וועגין דיא גאַנצע לאַגע פון דיא דאַמאָליגע פערהעלט־ניסע און איבער וועלכע איך קען דאָ ניט ריידען — אַלזאָ מיט אויסנאַהמע פון דיזע פעריאָדע איז דער פּרינציפּ פון צענזוס געבליבען דער הויפּטפונדאַמענט פון אַלע קאָנסטיטוציאָנען, וועלכע זיינען אַרויסגעקומען אַלס רעזולטאַט פון דיא פראַנצייזישע רעוואָלוציאָן.

---

(*) אַקטיוו הייסט אייגענטליך טהעטיג און פּאַססיוו — ליידענד, אונטהעטיג; אָבער אין דעם זינען וויא לאַככאַל געברויכט דיזע ווערטער און וויא מען געברויכט זיי אין פּאָליטישע שריפטען און רעדען, קען מען זיי איבערזעצען און פראָסט מאַמע-לשון אַזוי: בעלי-הבית'ישע און ניט-בעלי-הבית'ישע בירגער אָדער רייכע און אָרימע.

דער איבערזעצער.

אין מיט דיא זעלבע קאָנזעקוועניץ, וועלכע אַלע פּרינציפּען ענטהאַלטען אין זיך, האָט זיך דיא מאָס אָדער דער אומפֿאַנג פֿון צענזוס געמוזט אַלץ ווייטער מעהר ענטוויקלען.

דיא קאָנסטיטוציאָן, אָדער וויא זיא הייסט אין דער געשיכטע, דיא כאַרטע פֿון לודוויג XVIII אין 1814 יאָהר, האָט גישטעלט אַ דירעקטע שטייערצאָה־לונג פון 300 פֿראַנק, אויף דעם פּלאַץ פֿון דיא פֿריהערע קליינע סוממע, אַלס בעדינגונג פֿון וואַהלרעכט. אין מאָנאַט יולי 1830 האָט ווידער אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן אין פֿראַנקרייך (*), און טראָץ דעם האָט דאָס גיזעץ פֿון 19 אַפּריל 1831 געפֿאָרדערט אַ דירעקטע שטייערצאָהלונג פֿון 200 פֿראַנק אַלס בעדינגונג פֿון וואַהלרעכט.

דאָס וואָס מען האָט גערופֿען דאָס „גיזעצליכע לאַנד“ (pays légal) אונ־טער דעם קעניג לואי פֿיליפּ און זיין הויפּטמיניסטער גיזאָ (Guizot), איז בע־שטאַנען פֿון 200.000 מאַן. אין פֿראַנקרייך זיינען ניט גיוועזן מעהר וויא 200.000 וועהלער מיט דעם געפֿאָרדערטען בירגערליכען בעזיץ, און דיזע האָבען גיהערשט איבער אַ לאַנד פֿון איבער 30 מיליאָן איינוואָהנער.

מען מוז דאָ פֿערבייגעהענד בעמערקען, דאָס עס איז זעלבסטפֿערשטענדליך גאַנץ גלייך, אויב דער פּרינציפּ פֿון צענזוס, דאָס הייסט דיא אויסשליסונג פֿון דיא ניכטבעזיצענדע אום דעם וואַהלרעכט, איז איינגעפֿיהרט דירעקט און אָפֿ־פֿען, וויא אין דיא אָבענגענאַנטע קאָנסטיטוציאָנען, אָדער אין אַ וואָסערע עס איז בעהאַלטענע און פֿערדעקטע פֿאָרמע. דיא ווירקונג איז איממער דיא זעלבע.

דיא צווייטע פֿראַנצייזישע רעפּובליק האָט אויך קיין פֿאַל ניט גיקענט אָפּ־פֿען צוריק נעהמען אין יאָהר 1850 דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט, וועלכעס איז איינמאָל גיוועזן ערקלערט דורך דיא רעוואָלוציאָן פֿון 1848, וועלכע מיר וועלען נאָך בעטראַכטען אין דיזען פֿאָרטראַג. אָבער זיא האָט זיך דערמיט גיהאָל־פֿען, דאָס זיא האָט, דורך דאָס גיזעץ פֿון 31 מאַי 1850, גיגעבין דאָס וואַהלרעכט נור אַזעלכע בירגער, וועלכע האָבען מינדעסטענס גיוואָהנט 3 יאָהר אונאונטער־בראָכען אויף איינעם און דעמזעלבען אָרט. אַזוי וויא דיא פֿראַנצייזישע אַרבייטער זיינען אָפֿט גיצוואונגען צו בייטען זייער וואָהנונגספּלאַץ און צו זוכען אַרבייט אין פֿערשיעדענע פּלעצער, זאָ האָט דיא בורזשואַזיע גיהאָפֿט, אין מיט אַ גוטען

---

(*) דיזע רעוואָלוציאָן איז בעקאַנט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען יולי־רעוואָ־לוציאָן. דער קעניג קאַרל X וואַר פֿעריאָגט, און דיא פּאָליטיקער האָבין אויף זיין פּלאַץ אויס־גערוועהלט לואי פֿיליפּ פֿון דיא אָרלעאַנער פּרינצען. אין מאָנאַט פֿעברואַר 1848 (דיא פֿעברו־אַר־רעוואָלוציאָן) איז ער אויך פֿעריאָגט גיוואָרן, און דיא רעפּובליק איז ערקלערט גיוואָרען (דיא צווייטע רעפּובליק). דיזע רעפּובליק איז געפֿאַלען דורך דעם זאָגענאַנטען שטאַאַט־שטרייך (Coup d'etat—קו דעטאַ) פֿון נאַפּאָלעאָן III אַם 2־טען דעצעמבער 1851 יאָהר. נאַפּאָלע־אָנ'ס ניעדערטרעכטיגע אימפּעריע איז ווידער געפֿאַלען אַם 4 טען סעפּטעמבער 1870 יאָהר, און דיא דריטע רעפּובליק איז אויפֿגישטאַנען, וועלכע עקזיסטירט נאָך יעצט און וועט האָפֿענטליך עקזיסטירען, ביז עס וועט ענדליך אויסברעכען אַ וואַהרע אַרבייטער רעוואָלוציאָן, דיא סאָציאַלע רעוואָלוציאָן.

דער איבערזעצער.

גרונד, אויסצושליסען פון וואַהלרעכט אַ גאַנץ גרויסע צאָהל אַרבייטער, וועלכע וועלין ניט זיין אין שטאַנד צו פֿערבלייבען דריי יאָהר נאָכאַנאַנד אויף אַ געווי-סען אָרט.

דאָ האָט איהר אַלזאָ אַ צענזוס אין אַ בעהאַלטענע פֿאָרמע.

נאָך פֿיעל ערגער איז עס ביי אונז אין פרייסען מיט דעם דרייקלאַססען-וואַהלגיזעץ, וואו 3, 10, 30 און נאָך מעהר ניטבעזיצענדע וועהלער (דאָס הייננט אָב פון דיא פֿערהעלטניסע אין יעדער געגענד) פון דיא דריטע קלאַססע בעזיצען דאָס זעלבע וואַהלרעכט וויא איין גרויסער קאַפּיטאַלבעזיצער, וועלכער איז צוגי-רעכענט צו דיא ערסטע קלאַססע פון וועהלער. עס קומט אַלזאָ פּאַקטיש אויס, ווען מיר זאָלען, צום ביישפּיל, אָננעהמען אין דורכשניט דאָס פֿערהעלטנים פון ריי-כע צו אָרימע וועהלער וויא 1 צו 10, דאָס 9 מענשען וואָס האָבען גיהאַט דאָס וואַהלרעכט אין 1848 יאָהר, האָבין עס דורך דאָס דרייקלאַססען-וואַהלגיזעץ פֿון 1849 פֿערלאָרען און בעזיצען עס נור צום שיין.

אום אָבער אייך צו צייגען, וויא אַזוי שטייט דער דורכשניט אין דער ווירק-ליכקייט, זאָ ברויך איך נור אייך מיטצוטהיילען איניגע ציפֿערן פון דיא רע-גירונגס-ליסטען.

אין יאָהר 1848, ווען מען האָט איינגעפֿיהרט דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט, האָבין מיר גיהאַט 3,661,993 וועהלער.

דורך דאָס דרייקלאַססען-גיזעץ פון 30 מאַי 1849 איז דיזע צאָהל אַרונטער-גיגאַנגען גיוואָרען אויף 3,255,703, ווייל מען האָט אַוועקגינומען דאָס וואַהלרעכט פון דיא יעניגע, וואָס האָבען קיין פֿעסטען וואָהנאָרט ניט גיהאַט, אָדער וואָס האָ-בען בעקומען אַרמענאונטערשטיצונג. 406,290 מענער האָבען צוליעב דעם אַליין פֿערלאָרען זייער שטימרעכט; אָבער דאָס איז נאָך גיווען דאָס קלענסטע.

דיא איבערגעבליבענע 3,255,703 וועהלער זיינען צוטהיילט געוואָרען אויף דריי קלאַססען, אין נאָך דיא רעגירונגס-ליסטע פון 1849 נעמליך אַזוי:

1-טע קלאַססע וועהלער ...................... 153,808 מאַן.
2-טע „ „ ...................... 409,945 „
3-טע „ „ ...................... 2,691,950 „

לאָמיר דיא צווייטע קלאַססע גאַנץ אָן אַ זייט לאָזען און לאָמיר נור פֿערגליי-כען דיא ערסטע און דריטע קלאַססען, דיא גרויסבירגער און דיא בעזיצ-לאָזע. מיר געפֿינען אַלזאָ, דאָס 153,808 רייכע לייט בעזיצען דאָס זעלבע שטים-מאַכט וויא 2,691,950 אַרבייטער, קליינע בירגער, בויערן א. ז. וו.; דאָס הייסט אַז איין רייכער בעזיצט דיא זעלבע מאַכט צו שטימען וויא זיעבצעהען בעזיצלאָזע. ווען מיר וועלין יעצט אין אַנבעטראַכט נעהמען דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט גיזעץ פון 8 אַפּריל 1848, נאָך וועלכעס איין אַרביי-טער האָט גיהאַט דאָס זעלבע שטימרעכט וויא איין רייכער, זאָ איז עס קלאָר, דאָס יעצט, ווען מען דאַרף האָבען 17 אַרבייטערשטימען אום צו מאַכען גלייכגע-וויכט מיט איין רייכע שטימע, בלייבען שטענדיג 16 אַרבייטער און קליינבירגער בערויבט פון זייער וואַהלרעכט.

אָבער אפילו דאָס, מיינע העררען, איז נור דיא דורכשניטליכע ווירקונג פון דעם דרייקלאַסען-גיזעץ. אין דער ווירקליכקייט צייגט זיך דיזע ווירקונג נאָך גאַנץ אַנדערס, נאָך פיעל ערגער אין פערשיעדענע געגענדען; און אַם ערגסטען איבעראַל וואו דיא איננליכהייטען פין איינענטהום זיינען מעהר ענטוויקעלט. זאָ, צום ביישפיעל, דער בעצירק פין דיססעלדאָרף האָט 6,356 וועהלער פין דיא ערסטע קלאַססע און 166,300 וועהלער פון דיא דריטע קלאַססע, אין דאָס הייסט אַז 26 אָרימע וועהלער בעזיצען דיא זעלבע שטים-מאַכט וויא איין רייכער.

* * *

לאָמיר זיך יעצט צוריקקעהרען צו אונזער הויפט פינקט. מיר האָבען שוין גיצייגט און האָבען נאָך וויטער צו צייגען, וויא אַזוי דיא בורזשואַזיע, וועלכע איז געקומען צו הערשאַפט דורך דיא פראַנצייזישע רעוואָלוציאָן, מאַכט איהר גרונדשטאָף, נעמליך דעם בירגערליכען בעזיץ אָדער קאַפּיטאַל, פאַר אַ הערשענדען פרינציפּ פון אַלע געזעלשאַפטליכע איינריכטונגען און פיהרונגען; וויא אַזוי דיא בורזשואַזיע, האַנדלענדיג אַקיראַט וויא דער אַדעל מיט זיין גרונדבעזיץ אין מיטעלאַלטער, לייגט יעצט אַרויף איף אַלע איינריכטונגען דער געזעלשאַפט דעם שטאַרקען און שטענדיגען שטעמפּעל פון איהר בעזונדערען פרינציפּ, פין בירגערליכען אָדער קאַפּיטאַלבעזיץ, דעם שטעמפּעל פין איהרע פּריווילעגיען. דיא פאַראַלעלע (פערגלייך) צווישען דעם אַדעל און דיא בורזשואַזיע איז אַ פאָלשטענדיגע אין דיזער בעציהונג.

אין בעצוג אויף דעם וויכטיגסטען פונדאַמענטאַל-פונקט, נעמליך איף דיא קאָנסטיטוציאָן פון שטאַאַט, האָבין מיר שוין דעם פערגלייך גימאַכט: עבענזאָ וויא אין מיטעלאַלטער איז דער גרונדבעזיץ גיוועזן דער הערשענדער פּרינציפּ פון פערטרעטונג אין דייטשען רייכסטאַג, אַזוי איז עס אויך יעצט מיט דעם צענזוס אין אָפּענער אָדער בעהאַלטענער פאָרמע, ווייל דאָס קאַפּיטאַלפערמעגען אָדער קאַפּיטאַלבעזיץ פון אַ מענשען בעשטימט דאָס וואַהלרעכט צום פאַרלאַמענט און דערמיט דעם אַנטהייל אין דיא הערשאַפט איבער'ן שטאַאַט.

אַזוי איז עס אויך אין בעצוג אויף אַלע אַנדערע איינריכטונגען און פיהרונגען, אין וועלכע דער גרונדבעזיץ איז אין מיטעלאַלטער גיוועזן דער הערשענדער פרינציפּ, וויא איך האָב דאָס בעוויזען.

איך האָב אייך דאַמאָלס אויפמערקזאַם גימאַכט איף דיא שטייערפרייהייט פין אַדעליגען גרונדבעזיץ אין מיטעלאַלטער און האָב אייך גיזאָגט, דאָס יעדע הערשענדע פּריווילעגירטע קלאַססע זוכט אַרויפצואוואַרפען דיא לאַסט פון שטייערן, ד. ה. פין אויפהאַלטען דעם שטאַאַט אין פון דאָס אַלגעמיינע וואָהל, אויף דיא פלייצעס פין דיא אינטערדריקטע אין ניט-בעזיצענדע קלאַססען.

דיא בורזשואַזיע האַנדעלט פאָלשטענדיג אויף דיא זעלבע וויזע. זיא קען אפילו ניט גאַנץ אָפּען זאָגען, אַז זיא וויל זיין פריי פון צאָהלען שטייערן. מיט'ן מויל בעהויפּטעט זיא גראַדע פערקעהרט, אַז יעדער דאַרף ביטראָגען זיין טהייל פון שטאַאַטסקאָסטען נאָך זיין איינקאָממען (דאָכאָד). אָבער אין דער ווירקליכקייט בעפרייט זיא זיך פון שטייערן, וויא ווייט דיא אומשטענדען ערלויבען עס איהר,

אין אַ בעהאַלטענע פֿאָרמע, און נעמליך דורך דיא אונטערשיידונג פֿון דירעקטע און אינדירעקטע שטייערן.

דירעקטע שטייערן, מיינע הערן, זיינען אַזעלכע, וואָס ווערן גיצאָהלט נאָך דעם פֿערמעגען אָדער קאַפּיטאַל פֿון יעדען בירגער. אינדירעקטע שטייערן אָבער זיינען אַזעלכע וואָס מען לייגט אַרויף אויף אירגענד וועלכע בעדירפֿנים, צום בייי שפּיעל אויף זאַלץ, ביער, פֿלייש, האָלץ, תבואה אָדער אויף גערילכטם פּראָצעסען, גישטעמפּעלטע פּאַפּיער א. ז. וו. דיזע שטייערן צאָהלט מען אָפֿט אין דעם פּרייז פֿון אַ זאַך, אָהנע צו מערקען און אָהנע זאָגאַר צו וויסען, אַז דאָס איז דער שטייער, וועלכער מאַכט דעם פּרייז פֿון דיא זאַך טהייערער.

איהר ווייסט אָבער גאַנץ גוט, מיינע הערען, אַז ווען איינער איז 20, 50, 100 מאָל רייכער וויא אַנאַנדערער, זאָ עסט ער דאַרום ניט 20, 50, 100 מאָל זאָ פֿיעל זאַלץ, ברויט, פֿלייש; טרינקט ניט 20, 50, 100 מאָל זאָ פֿיעל ביער, ווייןּ האָט ניט 20, 50, 100 מאָל מעהר בעדירפֿנים אין וואַרעמען זיך, אַלזאָ אין הייצ־מאַטעריאַל, וויא איין אַרבייטער אָדער אַ קליינבירגער.

דערפֿון פֿערשטייט זיך, אַז אַלע אינדירעקטע שטייערן, אַנשטאָט צו פֿאַלען אויף יעדען איינצעלנען נאָך זיין קאַפּיטאַל און איינקאָמען, ווערן גיצאָהלט מייסטענטהיילס פֿון דיא אָרימסטע קלאַססען. עס איז וואַהר אַז דיא בורזשואַזיע האָט ניט ערפֿונדען דיא אינדירעקטע שטייערן; זיי האָבען נאָך פֿריהער עקזיס־טירט. אָבער זיא האָט זיי ענטוויקעלט אין אַ ברייטע אין ביז יעצט אונגיהער־טע סיסטעם און האָט אַזוי גימאַכט, אַז זיי בעפֿריעדיגען כמעט אין גאַנצען דיא שטאַאַטסבעדירפֿניסען.

אום דיזעס אייך צו צייגען, וועל איך אַ בליק טאָן אַלס ביישפּיעל אויף דיא איינגאַהמע פֿון פּרייסען אין 1855 יאָהר.

דיא גאַנצע איינקונפֿט פֿון שטאַאַט אין דיזען יאָהר האָט בעטראָפֿען אין רונ־דער זוממע 108.930.000 טהאַלער. דערפֿון גייען אַראָפּ 11.967.000 טהאַלער, וועלכע קומען אַלס אַ שטאַאַטס־איינקאָמען פֿון דאָמענען (שטאַאַטס בעזיצונגען און וועלדער) און וועלכע מיר קענען היער ניט אין בעטראַכט נעהמען. עס בלייבט אַלזאָ אונגיפֿעהר 97 מיליאָן פֿון אַנדערע שטאַאַטס־איינגאַהמען. דאַרונ־טער רעכענט דיא רעגירונג אונגיפֿעהר 26 מיליאָן דירעקטע שטייערן, אָבער דאָס איז אויך ניט וואַהר. דאָס שיינט ניר בלויז, ווייל דער בורזשעט ווערט ניט אויסגירעכענט און פֿערפֿאַסט אויף ריין וויסענשאַפֿטליכע גרונדען, זאָנדערן ער פֿערטהיילט דיא שטייערן נאָך דעם, וויא זיי ווערן צוזאַמענגעקליבען. פֿון דיזע 26 מיליאָן דאַרף מען אַלזאָ אַראָפּרעכענען 10 מיליאָן גרונדשטייערן, דען, אָבגלייך זיי ווערן גיצויגען דירעקט פֿון דעם גרונדבעזיצער, זיינען זיי דאָך צוגיזעצט צו דעם פּרייז פֿון תבואה און זיינען אויף דיזע וויזע אינדירעקטע שטייערן. צוליעב דעם זעלבען גרונד מוז מען אַראָפּרעכענען נאָך 2.900.000 טהאַלער געווערב־שטייער.

דיא ווירקליכע דירעקטע שטייערן בעטרעפֿען צוזאַממען ניט מעהר וויא 12.818.000 טהאַלער.

אַלזאָ, מיינע הערען, ניר 12.848.000 פֿון 97 מיליאָן טהאַלער קימען אַרויס אין דער טהאַט פֿון דירעקטע שטייערן. אַלעס איבריגעס וואָס ווערט געזאַמעלט צו דעקען דיא שטאַאטסקאָסטען (מיר דאַרפֿען היער ניט נאָכפֿאָלגען דיא אונוויסענשאַפֿטליכע פֿערטהיילונג פֿון ביורזשעס, וועלכער רעכינט ניט דיא איננאַהמען פֿון זאַלץ-מאָנאָפּאָל [8.300.000] אָדער דיא געריכטס-איינקינפֿטע [8.849.000 טהאַלער] פֿיר אינדירעקטע שטייערן), אַלעס איבער דיזע 12.848.000 טהאַלער, מיט אויסנאַהמע פֿון וויניגע אין זעהר אונבעדייטענדע ספּעציעלע איינקינפֿטע, ווערט אויפֿגעקליבען אין גאַנצען פֿון זאָלכע איינגאַהמסקיועלען, וועלכע האָבען דיא נאַטור פֿון א י נ ד י ר ע ק ט ע שטייערן. דאָס ווערט אַלזאָ איינגינומען דורך א י נ ד י ר ע ק ט ע שטייערן.

דיא אינדירעקטע שטייערן, מיינע הערען, זיינען דעריבער דיא איינריכטונג, דורך וועלכע דיא בורזשואַזיע פֿיהרט דורך דאָס פּ ר י ו ו י ל ע ג י א ו ם פֿ ו ן ש ט י י ע ר פֿ ר י י ה י י ט פֿ י ר ד ע ם ג ר ו י ס ע ן ק אַ פּ י ט אַ ל און לייגט אַרויף דיא קאָסטען פֿון שטאַאט אויף דיא פלייצעס פון דיא אָרימע קלאַסען דער געזעלשאַפֿט.

בעמערקט אויך צוגלייך, מיינע הערען, דעם מערקווירדיגען ווידערשפּרוך און דיא זאָנדערבאַרע גירעכטיגקייט פֿון דיא אַרט און וויזע, מיט וועלכע דיא בורזשואַזיע האַנדעלט, דאָס זיא וואַרפֿט נעמליך אַרויף דיא גאַנצע לאַסט פֿון שטאַאט-אויפֿהאַלטונג אויף א י נ ד י ר ע ק ט ע שטייערן, דאָס הייסט אויף דאָס אָרימע פֿאָלק, און מאַכט אין דער זעלבער צייט, אַלס בעדינגונג און מאָס פֿון הערשאַפֿט איבער'ן שטאַאט, דיא ד י ר ע ק ט ע שטייערן, וועלכע טראָגין נור ביי דעם שטאַאט דיא גאַנץ קליינינקע זוממע פֿון 12 מיליאָן אין איינער איננאַהמע פֿון 108 מיליאָן טהאַלער!

איך האָב איך וויטער גיזאָגט, מיינע הערען, וועגין דעם מיטעלאַלטערליכען אַדעל, דאָס אַלע בירגערליכע טהעטיגקייטען און דיא אינדוסטריע זיינען ביי איהם גיווען גיזעלשאַפֿטליך פֿעראַכטעט.

גאַנץ דאָסזעלבע איז אויך יעצט מיט דיא בורזשואַזיע. עס איז אפילו אמת, אַז יעדע אַרבייט איז היינט גלייך גיאַכטעט, און ווען אַ סמאַטניק אָדער אַ קיימענקעהרער ווערט אַ מיליאָנער, זאָ קען ער זיין זיכער צו ווערן אויפֿגינומען אין דער גיזעלשאַפֿט מיט גרויס כבוד.

אָבער מיט וואָס פֿאַר אַ סאָציאַלע פֿעראַכטונג ווערן בעגעגענט דיא יעניגע וועלכע האָבען קיין פֿערמעגען, וויא שטאַרק און אין וואָס פֿאַר אַ פֿאַך זיי זאָלען ניט אַרבייטען—דאָס איז אַ טהאַטזאַכע, וועלכע איהר ברויכט ניט ערפֿאַהרען פֿון מיין פֿאָרטראַג, זאָנדערן וועלכע איהר פֿיהלט ליידער אָפֿט גענוג אין אייער טעגליכען לעבען.

יאַ, אין פֿילע הינזיכטען פֿיהרט דיא בורזשואַזיע דורך דיא הערשאַפֿט פֿון איהר בעזונדערעס פריווילעגיאום— דער קאַפּיטאַלבעזיץ—מיט נאָך שטרענגערע קאָנזעקווענץ, אַלס דער מיטעלאַלטערליכע אַדעל האָט עס געטאָן מיט זיין פריווילעגיאום—דעם גרונדבעזיץ.

דער פֿאָלקסאונטערריכט—אין רייד פֿון אונטעררויכט פֿאַר ערוואַכסענע מענ-

טען—איז אין מיטעלאַלטער געווען איבערגעגעבען צו דיא גייסטליכע. זייטדעם האָבען דיא צייטונגען איבערגענומען דיזע שטעלע. אָבער דורך קאָציאַ-נען (געלד-ערבית), וועלכע דיא צייטונגען מוזען געבין, אירער זיי הייבין נאָך אָן צו ערשיינען, און נאָך מעהר, דורך אַ שטעמפעלשטייער, וועלכער ווערט אַרויפגעלייגט אויף צייטונגען ביי אונז, אַזוי גוט וויא אין פראַנקרייך און אַנ-דערע לענדער,—ווערט יעדע טעגליכע צייטונג אַ זעהר קאָסטבאַרעס געשעפט, וועלכעס ערפאָרדערט אַ זעהר גרויסען קאַפּיטאַל, זאָ דאָס דורך דיזע מיטעל ווערט אפילו דיא מעגליכקייט צו ווירקען אויף דיא מיינונג פון פאָלק, אידם אויפצוקלערען, צו ענטוויקלען און אָנצופיהרען אַ פריווילעגיאום פון גרויסען קאַפּיטאַל (*).

ווען דאָס וואָלט אַנדערס גיווען, וואָלטען מיר גיהאַט גאַנץ אַנדערע און פיעל בעסערע צייטונגען!

עס איז זעהר אינטערעסאַנט צו זעהען, מיינע העררען, וויא פריה עס האָט זיך אַרויסגיצייגט דיזע שטרעבונג פון דיא בורזשואַזיע צו מאַכען פון דיא פרעססע (צייטשריפטען אין אַלגעמיינען) אַ פריווילעגיאום פון קאַפּיטאַל, און אין וועלכער פראָסטער און אונפערדעקטער פאָרמע דאָס האָט זיך אויסגעדריקט. אַם 24-טען יולי 1789, 10 טעג נאָך דעם באַסטילשטורם (‡), אַלזאָ שוין אין דיא ערסטע טעג, ווען דיא בורזשואַזיע איז געוואָרען דיא רעגיערער אין שטאַאַט, האָבען דיא פערטרעטער פון פאַריז גיפאַסט אַ בעשלוס, וועלכער האָט גימאַכט דיא דרוקערס פעראַנטוואָרטליך פאַר דיא פערעפענטליכונג פון בראָשורען אָדער פלוגשריפטען, וועלכע וועלין געשריבען ווערן פון שריפטשטעלער „אָהנע גוט בעקאַנטע עקזיס-טענצמיטעל“. אַלזאָ, דיא עבען גיוואָנענע פרעספרייהייט האָט נור גיזאָלט עקזיס-

(*) אָבגלייך אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, אַמעריקאַ און אַנדערע לענדער געבין שוין יעצט גיט קיינע שטעמפעלשטייער א. ז. וו., אָבגלייך נאָך דעם פרעססגיזעץ איז יעצט יעדעם ערלויבט אַרויס-צוגעבען אַ צייטונג, דאָך זיינען יעצט פאַקטיש אַלע טעגליכע צייטונגען אין דיא הענד פון קאַפּיטאַליסטען און פינאַנסיסטען. דיא בורזשואַזיע איז יעצט קליגער גיוואָרען: זיא האָט זיך אַרונ-גיזעהן, אַז דער כלאָפּאָט מיט קאָציאָנען, שטעמפעלן א. ז. וו. איז גאַנץ איבריג און נאַרריש, ווען מען קען אין אַ בעהאַלטענע פאָרמע, דורך דיא בלויזע מאַכט פון גרויסקאַפּיטאַל, דאָסזעלבע צוועק ערדייכען. אום יעצט אַרויסצוגעבען אַ טעגליכע צייטונג, מוז מען האָבין געלד, געלד און געלד:—געלד אויף רעקלאַמען, געלד אויף קאָררעספאָנדענטען אין דיא גרויסע שטעט, געלד אויף לאַנגע דעפעשען, געלד אויף גוטע און בעקאַנטע שרייבער און געלד אויף פילע אַנ-דערע זאַכען. און דיזע געלדער האָבען היינט נור קאַפּיטאַליסטען, און דאַרום מאַכען זיי דיא עפענטליכע מיינונג און פערפיהרען דאָס פאָלק זאָ וויט זיי קענען, זאָ וויט עס לאָזט זיך. דער איבערזעצער.

(‡) יעדערער האָט וואַהרשיינליך גיהערט פון דיא וועלטבעריהמטע פעסטונגס-געפענגניס „באַסטיליע“, וועלכע דיא קעניגע האָבען אויסגעבויט אין מיטען פון פאַריז (וואו עס געפינט זיך יעצט דער פלאַץ פון באַסטיל), אום צו אונטערדריקען דאָס פאָלק און צו פערהאַלטען אין געפענגניס אין פייכטע קערקערס אַלע פאָלקספריינדע. דיזע אַבשייליכע באַסטיליע איז געווען געשטורמט און צערשמעטערט פון פאַריזער פאָלק אַם 14-טען יולי 1789 יאָהר, און פון דיזען גרויסאַרטיגען רעוואָלוציאָנערען טאָג רעכענט מען דעם אָנפאַנג פון דיא ערסטע פראַנצייזישע רעוואָלוציאָן. דער איבערזעצער.

טירען פֿיר שרייבערס מיט „גוט בעקאַנטע עקויסטענצמיטעל“. דאָס א י י ג ע נ-ט ה ו ם ערשיינט אַלזאָ אַלס דיא בעדינגונג פֿיר דיא פרעספֿרייהייט, און זאָגאַר פֿיר דיא זיטליכקייט פֿון דעם שרייבער גופו! דיא נאַאיוויטעט אָדער פֿראָסט־קייט פֿון דיא ערסטע טעג דער בורזשואַזיע־הערשאַפֿט רעט נור אַרוים אין אַ קינדליך אָפֿפֿענער וויזע, וואָס מען פֿיהרט דורך היינט אין אַ קינסטליכע וויזע דורך קאָנציאָנען און שטעמפעלשטייערן (אָדער אין אינזער צייט נאָך קינסטליכער, דורך דיא מאַכט פֿון קאַפּיטאַל אַליין, אָהנע אויסערע בעשרענקונגען. — דער איבערזעצער).

מיט דיזע גרויסע, כאַראַקטעריסטישע טהאַטזאַכען, וועלכע ענטשפּרעכען און פֿערשטערקערן אונזערע בעטראַכטונגען פֿון מיטעלאַלטער, לאָמיר זיך דאָ מיינע הערען, בעגניגען.

*

* *

מיר האָבען ביזהער בעטראַכט, מיינע הערען, צוויי געשיכטספעריאָדען, יעדע פֿון וועלכע איז געשטאַנען אונטער דיא הערשענדע אידעע פֿון אַ געוויסע קלאַסע דער גיזעלשאַפֿט, זאָ דאָס דיזע קלאַססען האָבען דורכגעפֿיהרט ז י י ע ר ע גרונד-פּרינציפּען אין אַלע איינריכטונגען און איינפֿיהרונגען פֿון זייערע בעשטימטע צייטען.

ערסטענס האָבען מיר פֿאָרגישטעלט דיא אידעע פֿון אַדעל אָדער דעם ג ר ו נ ד ב ע ז י ץ, וועלכער איז דאָס הערשענדע פרינציפּ פֿון מיטעלאַלטער און דרינגט דורך אַלע איינריכטונגען פֿון יענער צייט.

דיזע פעריאָדע ענדיגט זיך מיט דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן, אָבגלייך איהר וועט פֿערשטיין, דאָס בעזאָנדערס אין דייטשלאַנד, וואו דיא אומענדערונג איז ניט גימאַכט געוואָרן פֿון דעם פֿאָלק, זאָנדערן איז דורכגעפֿיהרט געוואָרן פֿון דיא רע-גירונג אויף דעם וועג פֿון לאַנגזאַמע און אונפֿאָלקאָמענע רעפֿאָרמען, פֿערבלייבען נאָך יעצט זעהר פֿיעלע רעסטלעך פֿון דיזע פעריאָדע, וועלכע הינדערן נאָך ביז יעצט דיא פֿאָלקאָמענע הערשאַפֿט פֿון דיא בורזשואַזיע אויף שריט און טריט.

צווייטענס האָבען מיר געזעהן, אַז מיט דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן פֿון פֿאָריגען יאָהרהונדערט פֿאַנגט זיך אָן אַ נייע געשיכטספעריאָדע, וועלכע האָט אַלס גרונדפרינציפּ דעם גרויסען ב י ר ג ע ר ל י כ ע ן ב ע ז י ץ אָדער דאָס קאַ-פּיטאַל, וועלכע שטעלט דיזען פרינציפּ אַלס פריווילעגיאום פֿון טהיילנאַהמע אין דיא בעשטימונג פֿון דיא צוועקען און שטרעבונגען פֿון שטאַאַט און וועלכע פֿיהרט איהם דורך אין אַלע גיזעלשאַפֿטליכע איינריכטונגען פֿון אונזער צייט.

אָבער אויך דיזע צווייטע פעריאָדע איז אין דער ווירקליכקייט אינערליך שוין צו ענדע, אָבגלייך דאָס איז שווער צו בעמערקען פֿון דרויסען.

אַם 24-טען פֿעברואַר 1848 יאָהר האָט זיך געצייגט דיא מאָרגענרעטהע (השחר) פֿון אַ נייע געשיכטספעריאָדע.

אין דיזען טאָג האָט אויסגעבראָכען אין פֿראַנקרייך (אין דיזען לאַנד וואו דיא אינערע געוואַלטיגע קאַמפּפֿען מיט אַ זיעג אָדער אַ ניעדערלאַגע פֿון פֿרייהייט בעדייטען צוגלייך דעם זיעג אָדער דיא ניעדערלאַגע פֿיר דיא גאַנ-

צע מענשהייט) אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אַריינגיבראַכט איין אַרבייטער אין דיא פּראָוויזאָרישע (פֿיר אַ צייט) רעגירונג, האָט עפֿענטליך ערקלערט דיא פֿערבעסערונג פֿון דיא לאַגע דער אַרבייטערקלאַסע אַלס דעם צוועק פֿון שטאַאט און האָט פּראָקלאַמירט דאָס אַלגעמיינע וואהלרעכט, דורך וועלכעס יעדער בירגער וואָס איז גיוואָרן 21 יאָהר אַלט, גאַנץ גלייך, אויב ער וואַר אָרעם אָדער רייך, האָט בעקומען אַ גלייכמעסיגען אַנטהייל אין דיא הערשאַפֿט איבער'ן שטאַאט און אין דיא בעשטימונג פֿון דיא צוועקען אין שטרעבונגען פֿון שטאַאט.

איהר זעהט, מיינע הערען, דאָס ווען דיא רעוואָלוציאָן פֿון יאָהר 1789 איז גיוועזן דיא רעוואָלוציאָן פֿון דעם טיערז-עטאַ, פֿון דיא ד ר י ט ע קלאַסע, זאָ איז עס שוין דיא פֿ י ע ר ט ע קלאַסע, וועלכע איז נאָך ביז יעצט גיוועזן איינגעוויקעלט אין דיא פֿאַלרען פֿון דיא דריטע קלאַסע און האָט גישיינט צו זיין איינס און דאָס זעלבע מיט איהר, וואָס וויל מאַכען איהר פּרינציפּ פֿאַר אַ הערשענדען פּרינציפּ דער גיזעלשאַפֿט און וואָס וויל אַלע געזעלשאַפֿטליכע איינריכטונגען דורכדרינגען מיט דעם זעלבען פּרינציפּ.

אָבער דאָ, ווען מיר קומען צו בעטראַכטען דיא הערשאַפֿט פֿון דיא פֿירטע קלאַסע, גיפֿינען מיר גלייך דעם אונגיהייער גרויסען אונטערשיעד, דאָס דיא פֿירטע קלאַסע איז דיא ל ע צ ט ע פֿון אַלע קלאַסען, איז דיא אונטערדריקטע און אָבגעשטשיפּעטע קלאַססע פֿון דיא גיזעלשאַפֿט, אַ קלאַסע, וועלכע שטעלט מעהר ניט אויף און קען ניט אויפֿשטעלען קיינע בעזונדערע בעדינגונגען, ניט רעכטליכע און ניט פֿאַקטישע, קיין אַדעל און קיין גרונדבעזיץ, און אויך ניט אירגענד וועלכען קאַפּיטאַלבעזיץ, וועלכע זיא זאָל קענען פֿערוואַנדלען אין אַ נייעס פּ ר י וו י ל ע־ג י א ו ם און דורכפֿיהר'ען דיזעס פּריווילעגיאום אין דיא איינריכטונגען פֿון דיא געזעלשאַפֿט.

אַ ר ב י י ט ע ר זיינען מיר אַ ל ע, זאָלאַנג און זאָ וויט מיר האָבען נור דעם גוטען ווילען צו מאַכען אונז ניצליך פֿיר דיא געזעלשאַפֿט אין אירגענד וועלכער וויַיזע.

דיא פֿ י ע ר ט ע קלאַססע ענטהאַלט שוין אין זיך ניט קיין שום וואורצעל פֿון נייע פֿאָררעכטע און פּריווילעגיען, און בעדייטעט דעריבער גאַנץ דאָסזעלבע וואָס דיא ג אַ נ צ ע מ ע נ ש ה י י ט. דיא אינטערעסען פֿון דיא פֿירטע קלאַססע זיינען דאַרום דיא אינטערעסען פֿון דאָס גאַנצע מענשליכע געשלעכט; איהרע פֿרייהייט איז דיא פֿרייהייט פֿון דיא מענשהייט גופו; איהרע הערשאַפֿט איז דיא הערשאַפֿט פֿון אַלע מענשען.

ווער עס וויל, אַלזאָ, איינפֿיהרען דיא אידעע פֿון דיא אַרבייטער-קלאַססע אַלס דעם הערשענדען פּרינציפּ פֿון דיא גיזעלשאַפֿט, אין דעם זינען וויא איך האָב עס אייך ענטוויקעלט, דער יעניגער שטויסט ניט אויס אַ גישריי, וואָס צוטהיילט און ערווייטערט דיא קלאַססען פֿון דיא גיזעלשאַפֿט. פֿערקעהרט, ער שטויסט אויס אייגענטליך אַ גישריי פֿון ש ל ו ם און א ו י ס ג ל י י כ ו נ ג; אַ גישריי, וועלכער נעהמט אַרום דיא גאַנצע געזעלשאַפֿט; אַ גישריי צו מאַכען אַ סוף פֿון אַלע געגענשטרייטען אין האַסס אין אַלע קרייזען דער גיזעלשאַפֿט; אַ גישריי פֿון פֿ ע ר־

איינינגונג, אין וועלכען דאַרפֿען טהייל נעהמען אַלע דיא יעניגע וואָס ווילען ניט, אַז דאָס פֿאָלק זאָל זיין בעהערשט, אונטערדריקט פֿון איינע פּריווילעגירטע קלאַססע; אַ גישריי פֿון ליעבע, וועלכער וועט פֿיר אימער בלייבען דער וואַהרער גישריי פֿון פֿאָלק, זייטדעם ער איז שוין איינמאָל אויסגישטוי- סען גיוואָרען פֿון פֿאָלקס האַרצען, און וועלכער האָט שטענדיג דעם אינהאַלט און דעם שטרעבען פֿין אַ ווירקליכען גישריי דער ליעבע, אָבגלייך ער הילכט אַלס דער קריעגסגישריי פֿין פֿאָלק.

מיר ווערין יעצט בעטראַכטען דעם פּרינציפּ פֿין דיא אַרבייטער קלאַססע אַלס דעם הערשענדען פּרינציפּ דער געזעלשאַפֿט נור אין דריי בעציהונגען:

1) אין בעצוג אויף דעם פֿעסטגישטעלטען מיטעל פֿון זיינע פֿערווירקליכונג;

2) אין בעצוג אויף זיין זיטליכען אינהאַלט, און

3) אין בעצוג אויף דיא פּאָליטישע אויפֿקלערונג און אויפֿפֿאַססונג פֿון דעם שטאַאַטסצוועק, וועלכע זיינען איינגיבאָרען אין דיזען פּרינציפּ.

אויף דיא אַנדערע זייטען פֿון דעם זעלבען פּרינציפּ קענען מיר דאָ ניט איינ- געהען, און אפילו דיא אָנגיגעבענע דריי בעציהונגען קענען מיר נור זעהר קורץ בעלייכטען וועגין מאַנגעל אַן צייט.

דאָס בעשטימטע מיטעל, אום דורכצופֿיהרען דעם פּרינציפּ פֿון דיא אַרביי- טערקלאַססע, איז נעמליך דאָס שוין בעטראַכטעטע אַלגעמיינע און דירעקטע וואַהלרעכט. איך זאָג: דאָס אַלגעמיינע און דירעקטע וואַהלרעכט, מיינע הערען, אָבער ניט דאָס בלויזע אַלגעמיינע וואַהלרעכט, וויא מיר האָבען עס געה- האַט אין 1848 יאָהר. דיא איינפֿיהרונג פֿון צוויי גראַדען וועהלער אין דעם וואַהל- גיזעץ, נעמליך פֿון אורוועהלער אין פּראָסטע וועהלער, איז ניכטס אַנדערעס אַלס אַ קונציגעס מיטעל, וואָס מען האָט אַבזיכטליך איינגעפֿיהרט מיט דעם צוועק צו פֿערפֿעלשען זאָ וויט מעגליך דעם ווילען פֿון פֿאָלק ביי'ן וועהלען.

עס איז וואַהר, אַז דאָס אַלגעמיינע און דירעקטע וואַהלרעכט איז ניט, מיי- נע הערען, אַ צויבער-רינג, וועלכער קען אייך פֿערהיטען פֿין פֿעהלער אויף אַ צייט.

מיר האָבין גיזעהען אין פֿראַנקרייך צוויי שלעכטע אַלגעמיינע וואַהלען נאָך אַנאַנדער אין דיא יאָהרען 1848 און 1849. אָבער, דאָס אַלגעמיינע און דירעק- טע וואַהלרעכט איז דאָס איינציגע מיטעל, וועלכעס פֿעררירכט מיט דער צייט דיא פֿעהלער, צו וועלכע זיין קורץ-צייטיגער שלעכטער געברויך האָט געבראַכט. דאָס איז אַ שפּיעז, וועלכער היילט פֿין זעלבסט אוים דיא פֿון איהם גימאַכטע וואונ- דען. עס איז אונמעגליך, אַז דאָס אַלגעמיינע און דירעקטע וואַהלרעכט זאָל אַ לאַנגע צייט אַזוי אָנגיין, דאָס דער אויסגיוועהלטער קערפּער זאָל ניט זיין דער געטרייער און ריכטיגער בילד פֿון פֿאָלק, וואָס וועהלט איהם אויס.

דאָס פֿאָלק מוז דעריבער שטענדיג בעטראַכטען דאָס אַלגעמיינע און דיר- רעקטע וואַהלרעכט אַלס זיין נויטהווענדיגעם פּאָליטישעס קאַמפּף-מיטעל, אַלס דיא הויפּט-פֿונדאַמענטאַלע און וויכטיגסטע פֿון זיינע פֿאָדערונגען.

יעצט לאָמיר וואַרפֿען אַ בליק אויף דעם  ז י ט ל י כ ע ן  אינהאַלט פֿון דעם גיזעלשאַפֿטס-פּרינציפּ, וועלכען מיר בעטראַכטען.

עס איז מעגליך, אַז דער געדאַנקען צו מאַכען דעם פּרינציפּ פֿון דיא „ניעדריגע קלאַססען" פֿאַר דעם הערדשענדען פּרינציפּ פֿון שטאַאַט און פֿון דיא גיזעלשאַפֿט קען שיינען פֿאַר זעהר  גֿפֿעהרליך און אונזיטליך, זאָגאַר אַלס עטוואָס וואָס סטראַשעט אומצוברייננגען דיא בילדונג און מאָראַליטעט דורך אַ „מאָדערנען (נייען) באַרבאַריזמוס".

און עס איז גאָר קיין וואונדער, דאָס אַזאַ מיינונג זאָל הייטע געבין, דען דיא עפֿענטליכע מיינונג, מיינע הערען, בעקומט איהר חתימה — איך האָב איך שוין אָנגעצייגט, אַז דאָס ווערט גימאַכט דורך דיא פּאָליטישע צייטונגען — פֿון דעם קאַפּיטאַל'ס מינצשטעמפּעל, און אוים דיא הענד פֿון דיא פּריווילעגירטע גרויסע בורזשואַזיע.

דיזע פֿורכט איז נאַטירליך איינע אונבעגרינדעטע אָנגענומענע מיינינג אָדער, מיט איין וואָרט, אַ פֿאָראורטהייל; אין געגענטהייל, מען קען בעווייזען, אַז דיא אידעע פון דיא אַרבייטערקלאַססע וועט פֿאָרשטעלען דעם העכסטען פֿאָרטשריט און טריאומף (נצחון) פֿון זיטליכקייט, וועלכען דיא געשיכטע קען אָנצייגען ביז יעצט.

איך זאָג, אַז דיא אַנדערע מיינונג איז אַ פֿאָראורטהייל; אָבער זיא איז נור דאָס פֿאָראורטהייל פֿון דיא  י ע צ ט י ג ע  צ י י ט, וועלכע איז נאָך בעהערשט פֿון פּריווילעגיאום.

אין איינע אַנדערע צייט, נעמליך אין יענע ערסטע פֿראַנצייזישע רעפּובליק פֿון 1793 יאָהר (איך האָב איך שוין פֿריהער גיזאָגט אַז איך קען דאָ ניט איינגיין אין געניואיגקייטען וועגען דיזע רעפּובליק און דאָס זיא האָט געמוזט צו גרונדע גיין וועגין איהרע אייגענע אונקלאָרהייט און אונבעשטימטהייט פֿון שטרעבען), האָט זאָגאַר גיהערשט  אַ  ג ע ג ע נ ג י ז ע צ ט ע ס  פֿאָראורטהייל. מען האָט דאַן אַלגעמיין אָנגענומען, אַז אַללע העכערע קלאַססען זיינען פֿערדאָרבען און אינזיטליך און אַז נור דאָס פֿאָלק איז גוט און זיטליך. דיזע אַנזיכט שטאַממט פֿון רוססאָ (*). אין דיא נייע ערקלערונג פֿון מענשענרעכטע, וואָס דער קאָנווענט, דיזער מעכטיגער פּאַרלאַמענט פֿון פֿראַנקרייך, האָט פֿערפֿאַסט, ווערט עס זאָגאַר אין אַ בעזונדערן אַרטיקעל אויסגעדריקט; נעמליך דער אַרטיקעל 19 לויטעט אַזוי: „יעדע אינסטיטוציאָן (איינריכטונג), וועלכע פּרעדפּאָלאַגאַיעט (פֿאָרויסזעצט) ניט, אַז דאָס פֿאָלק איז גוט און אַז דיא נאַטשאַלסטוואָ (אָבריגקייט) איז פֿערדאָר-

(*) זשאַן זשאַק-רוססאָ איז איינער פֿון דיא גרעסטע שריפֿטשטעלער פֿון 18-טען יאָהר הונדערט. ער ווערט גירעכינט אַלס דער גייסטיגער פֿאָטער פֿון דיא גרויסע פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן עבענזאָ וויא וואָלטער. זיינע ווערקע ווערן נאָך יעצט מיט פֿערגניגען און נוצען גילעזען. זיינע הויפּט ווערקע זיינען „עמיל" און דער בעריהמטער „סאָציאַלער קאָנטראַקט", וואו ער שטייט אייף אין נאָמען פֿון דאָס מענשליכע נאַטורעכט געגען דיא אונגלייכהייט און אונגירעכטיגקייטען פֿון אונזער ציוויליזאַציאָן.  ד ע ר  א י ב ע ר ז ע צ ע ר.

בען, איז פֿעהלערהאַפֿט.״ איהר זעהט אַז דיזעס איז גראַדע דאָס געגענטהייל פֿון דעם גלויבען, וואָס מען פֿאָרדערט היינט און נאָך ווערכען עס גיט ניט קיין גרעסערע זינד, וויא צו צווייפֿלען אין דעם גוטען ווילען און אין דיא גוטע מעלות פֿון דיא רעגיערער; ווערענד מען נעהמט אָן פֿאַר אַ געבאָט, אַז דאָס פֿאָלק איז איין אַרט טיגער און אַ פֿעלד פֿון פֿערדאָרבענהייט.

אין דער צייט פֿון דיא רעפובליק פֿון 1793 יאָהר האָט מען זאָ וויט גיבראַכט דעם געגענגיזעצטען גלויבען, דאָס יעדערער וואָס האָט גיטראָגען אַ גאַנצען ראָק איז גיווען בעטראַכטעט אַלס פֿערדאָרבען און פֿערדעכטיג; עס האָט דאַן גישיינט אַז טיגענד, ריינהייט און פּאַטריאָטישע זיטליכקייט האָבען נור גיקענט בעזיצען מענשען אָהנע גוטע רעק. דאָס איז גיווען דיא פּעריאָדע פֿון סאַן-קיולאָטיזמוס.(*)

דיזע אַנזיכט, מיינע הערען, איז אין גרונד גינומען בעגרינדעט אויף אַ וואַהרהייט, אָבער זיא שטעלט זיך אַרויס אין אַ פֿערקעהרטע און אונוואַהרע פֿאָרמע. נון, עס גיבט גאָר ניט גיפֿעהרליכערעס אַלס איינע וואַהרהייט וואָס טרעט אויף אין אַ פֿערקעהרטע, אונוואַהרע פֿאָרמע; דען וויא מען זאָל זיך מיט איהר בעגיין, וועט מען אַלץ צו שלעכטעס קוממען. וועלין מיר אָננעהמען אַזאַ וואַהרהייט אין איהרע אונוואַהרע, פֿערקעהרטע פֿאָרמע, זאָ וועט עס אונז פֿיהרען אין געיסטע צייטען צו דיא שערליכסטע פֿערניכטונגען, וויא דאָס איז גיווען דער פֿאַלל מיט דעם סאַנקיולאָטיזמוס. וועלין מיר אָבער דיא גאַנצע וואַהרהייט בעטראַכטען אַלס אונוואַהר וועגין איהרע אונוואַהרע, פֿערקעהרטע פֿאָרמע, זאָ וועלין מיר צו נאָך שלעכטערעס קומען, דען מען האָט צוריקגעוויזען אַ וואַהרהייט, אין אין דעם אָנגידייטעטען פֿאַלל גראַדע אַזאַ וואַהרהייט, וואָס אָהנע איהרע אַנערקענונג איז גאָר ניט מעגליך צו מאַכען קיין איינציגען געזונדען שריט אין אונזער גיזעלשאַפֿטליכען לעבין.

עס בלייבט אונז אַלזאָ קיין אַנדער זאַך צו טאָן, וויא אַוועקצולייגען אָן אַ זייט דיא אונוואַהרע, פֿערקעהרטע פֿאָרמע פֿון אַ וואַהרהייט און נור איהר אמת'ן אינהאַלט קלאָר צו מאַכען.

וויא גיזאָגט, איז יעצט דיא עפֿענטליכע מיינונג גינייגט צו בעטראַכטען דיא אַנזיכט פֿון 1793 יאָהר אַלס פֿאָלקאָמען אונוואַהר, אַלס אַ בלויזען אויסרוף פֿין רוססאָ און פֿון דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן. אָבער ווען מען זאָל אפילו צוגעבין, אַז עס איז מעגליך אַזוי צו בעטראַכטען דיא אַנזיכטען פֿין רוססאָ און פֿון דיא פֿראַנצייזישע רעוואָלוציאָן, זאָ איז עס גאַנץ אונמעגליך אַזוי זיך צו בענעהמען אין בעצוג אויף איינעס פֿין דיא גרעסטע דייטשע פֿילאָזאָפֿען, וועמעס הינדערטיאָהריגען געבורטסטאָג וועט דיזע שטאָט (בערלין) פֿייערן נעכסטען מאָנאַט;

---

(*) דאָס קומט פֿון דעם פֿראַנצייזישען וואָרט sans-culotte (אָהנע-הויזען). דיא אַריסטאָקראַטען און פֿאָלקספֿיינדע האָבען אַזוי גירופֿען דאָס פֿאָלק, וועלכעס האָט גינומען אַ טיכטיגען אַנטהייל אין דיא רעוואָלוציאָן פֿון 1789; און אין 1793, אין דער צייט פֿון טערראָר (שרעק) האָבין זיך דיזע טיכטיגע סאַן-קיולאָטען אַ ביסעל נוקם גיווען אָן דיא אַריסטאָקראַטען און „פֿיינע לייט.״

דער איבערזעצער.

איך מיין נעמליך דעם פילאָזאָף פ י כ ט ע, איינעם פון דיא מעכטיגסטע דענ-קער פון אַלע לענדער אין צייטען.

אויך פיכטע ערקלערט אויסדריקליך, אַז וואָס העכער אַ שטאַנד אָדער אַ קלאַססע איז, דעסטאָ גרעסער איז זיינע זיטליכע פערדאָרבענהייט, אַז — דאָס זיינען זיינע אייגענע ווערטער — „דיא שלעכטיגקייט פערגרעסערט זיך נאָך דעם העכערען שטאַנד."

פיכטע האָט אָבער ניט ענטוויקעלט דעם לעצטען גרונד פון דיזע בעהויפּ-טונג. אַלס דעם גרונד פון דיזע פערדאָרבענהייט גיט ער אָן דיא זעלבסטזוכט, דעם עגאָאיזמוס פון דיא העכערע קלאַססען. אָבער דאַן שטעלט זיך גלייך פון זעלבסט דיא פראַגע, אויב דער עגאָאיזמוס הערשט דען ניט אויך אין דיא אונטער-סטעקלאַססען, אָדער וואַרום זאָל ער דען וועניגער הערשען אין פאָלק? פון ערסטען בליק מיז עס זאָגאַר זעהר זאָנדערבאַר און איבערראַשענד שיינען, דאָס אין דיא אינטערסטע קלאַססען זאָל קענען הערשען אַ קלענערער עגאָאיזמוס, אַלס אין דיא העכערע, וועלכע בעזיצען דאָך בילדונג אין ערציהונג—און דאָס מאַכט דאָך דיא מענשען פיינער און זיטליכער, וויא עס איז אַלגימיין אָנגענומען—אין אַ פיעל גרעסערע מאָס אַלס דיא אַרבייטער קלאַססע.

דער ריכטיגער גרונד און דיא ערקלערונג פון דיזען איבערראַשענד שיינענ-דען ווידערשפּרוך איז פאָלגענדער:

זייט לאַנג צייגט זיך אַרויס, וויא מיר האָבען עס גיזעהען, דיא פאָלקס-ענט-וויקלונג, וועלכע איז דער אָטהעמצוג פון דיא געשיכטע, דורך שטענדיג שטייגענ-דע אָבשאַפונג פון פריווילעגיען, וועלכע גאַראַנטירען דיא העכערע קלאַססען זייער שטעלונג אַלס העכערע און הערשענדע קלאַססען. זייער ווּאונש פעסטצו-האַלטען פיר זיך פריווילעגיען, אָדער דער פ ע ר ז ע נ ל י כ ע ר א י נ ט ע ר ע ס טרייבט יעדען מיטגליעד פון דיא העכערע קלאַססען, וועלכער האָט זיך ניט איין מאָל פיר אַלע מאָל אויפגיהייבען העכער פאַר זיין קלאַססע, דורך אַ הויכען אין ווייטען איבערבליק אויף זיינע גאַנצע פערזענליכע עקזיסטענץ — און איהר וועט בעגרייפען, מיינע הערען. דאָס אַזוינע קענען אימער זיין ניר וויניגע אויסנאַהמען — אין אַ פרינציפיעל פ י י נ ד ל י כ ע שטעלונג צו דיא ענטוויקלונג פון פאָלק, צו דעם פאָרטשריט פון בילדונג אין וויסענשאַפט, צו דיא פערברייטינג פון ציוויליזאַציאָן און קולטור, מיט איין וואָרט, צו אַלע זיעגען און אָטהעמציגען פון דעם געשיכטליכען לעבען.

דאָס איז נעמליך דיזער געגענזאַץ פון פערזענליכען אינטערעס פון דיא הע-כערע קלאַססען צו דיא בילדונג און ענטוויקלונג פון פאָלק, וועלכער רופט אַרויס דיא גרויסע און נייטווענדיגע אונזיטליכקייט פון דיא העכערע קלאַססען. איהר ברויכט זיך נור פאָרצושטעלען דיא טעגליכע בעדינגונגען און אומשטענדען פון דעם לעבען וואָס דיא הויכע קלאַססען פיהרען, אום צו פערשטיין דיא טיעפע פערדאָרבענהייט וואָס אַזאַ לעבען מוז אַרויסרופען. זיין גיצוואונגען צו ווירקען געגען אַלעס וואָס איז גרויס אין גוט, צו בעדויערן אין צו ערגערן זיך וועגען דעם פאָרטשריט פון בילדונג, צו פרייען זיך וועגין דעם מיסלינגען אין ריקשריט פון

אַלעס גוטעס, צו זוכען אָבצוהאַלטען יעדען פֿאָרטשריט—הייסט: צו פֿיהרען זיך וויא אין אַ לאַנד פון אַ פֿיינד געגין דיא גליקזעליכקייט און אויפֿקלערונג פון דעם אייגענעם פֿאָלק, צווישען וועלכען מען לעבט און פֿאַר וועמעס וואָהל און גליק צו שטרעבען איז וואַהרע זיטליכקייט. איך זאָג אַז דאָס בעדייטעט צו לעבען אין אַ פֿיינדעס-לאַנד און אַז דיזער פֿיינד איז דאָס אייגענע פֿאָלק; אָבער דער פֿאַקט אַז דאָס פֿאָלק ווערט אַזוי בעטראַכט און בעהאַנדעלט פון דיא פריווילעגירטע קלאַססען—דיזער פֿאַקט מוז דאָך וויא ווייט מעגליך קונציג בעהאַלטען בלייבען. דיזע פֿיינדליכקייט מוז מעהר אָדער וועניגער קינסטליך בעקליידעט און בעדעקט ווערען, אום דאָס פֿאָלק זאָל זיא פון ערסטען בליק ניט דערזעהען.

מען מוז דאַרום אָננעהמען, דאָס אָדער דיא פריווילעגירטע קלאַססען מוזען האַנדלען געגען דיא שטימע פון זייער געוויסען און פֿערשטאַנד, אָדער זיי האָבען זיך שוין אַזוי צוגיוויינט אונטערצודריקען דיזע שטימע, אַז זיא בעאונרוהיגט זיי שוין ניט, אָדער ענדליך זיי האָבען דיזע שטימע קיינמאָל ניט גיקענט און גיהערט, דאָס הייסט זיי האָבען ניעמאַלס עטוואָס בעסערעס און העכערעס גיקענט אַלס דיא רעליגיאָן פון אייגענעם אינטערעס.

אַזאַ לעבען, מיינע הערּרען, פֿיהרט אַלזאָ נויטווענדיג צו אַ פֿאָלשטענדיגע גערינגשעצונג און פֿעראַכטונג פון יעדעס גייסטיגעס און אידעאַלעס שטרעבען, צו אַ פֿערעכטליכען שמייכלען, ווען מען רעט נור אוים דעם גרויסען נאָמען פון איינע אידעע, צו אַ טיעפֿע ווידערווילינקייט און פֿערהאַסונג פון אַללעס שיינעס און גרויסעס, צו אַ פֿאָלשטענדיגען איינשלינגען פון יעדע ריינע זיטליכע טהעטיגקייט און שטרעבען דורך דיא איינציגע ליידענשאַפֿט פון זעלבסטזיכטיגען אינטערעס אין פון פערזענליכע פֿערגניגען און הולטייסטוואָ.

אָבער, מיינע הערּרען, דיזער געגענזאַץ צווישען פערזענליכען אינטערעס און דעם ענטוויקלונגס-פֿאָרטשריט פון פֿאָלק פֿעהלט גראַדע ביי דיא „אונטערע, ניעדריגע" קלאַססען פון דיא גיזעלשאַפֿט, אין צו אונזער אַלגימיינען גליק.

עס איז ליידער וואַהר, אַז עס איז נאָך דאָ גענוג זעלבסטזוכט אונטער דיא „ניעדריגע" קלאַססען, פֿיעל מעהר אַלס עס האָט גיברויכט צו זיין. אָבער וואו נאָר דיזער עגאָאיזמוס געפֿינט זיך דאָ, איז ער נור אַ פֿעהלער פון אינדיווידועןן (איינצעלנע פערזאָנען) און ניט אַ נויטווענדיגער פֿעהלער פון דיא גאַנצע קלאַססע.

אפילו דער פראָסטעסטער שכל זאָגט אונטער יעדעם מיטגליעד פון דיא אונטערע קלאַססען, דאָס זאָ לאַנג יעדערער וועט בלייבען פֿאַר זיך אין וועט נור דענקען וועגין זיך, זאָ לאַנג קען ער ניט האָפֿען אויף אַ וויכטיגע פֿערבעסערונג פון זיינע אייגענע לאַגע.

און וואָס ערנסטער און שטאַרקער דיא אינטערע קלאַססען פון דיא גיזעלשאַפֿט שטרעבען צו פֿערבעססערן זייער לאַגע אַלס קלאַססע, צו ענדערן דעם אַלגעמיינעם שיקזאַל פון זייער קלאַססע, דעסטאָ מעהר פֿאַללט און פֿערקלענערט זיך זייער פערזענליכער אינטערעס; און אַנשטאָט צו שטעלען זיך געגען דיא געשיכטליכע ענטוויקלונג און בעוועגונג אין דורך דעם פֿערדאַמט צו

ווערן צו דיא אונזיטליכקייט און פֿערדאָרבענהייט, איבער וועלכע מיר האָבען גירעט,—בעקימען זיי, דיא אונטערסטע קלאַססען, אַ שטרעבונג און ריכטונג, וועלכע גייען פֿאָלשטענדיג האַנד אין האַנד מיט דיא ענטוויקלונג פון גאַנצען פֿאָלק, מיט דעם זיעג פון גרויסע אידעען, מיט דעם פֿאָרטשריט פון ציוויליזאַציאָן, מיט דעם לעבענס-פרינציפ פון דיא געשיכטע גופֿי, וועלכע איז ניגטס אַנדערעס אַלס דיא ענטוויקלונג פון פֿרייהייט. מיט אַנדערע ווערטער, דיא אינטערעססען פֿון דיא אונטערע קלאַססען זיינען דיא אינטערעססען פון דיא גאַנצע מענשהייט.

איהר זייט דעריבער, מיינע הערען, אין דער גליקליכער לאַגע, דאָס אַנ־שטאָט אָבגישטאָרבען צו קענען זיין פֿיר דיא אידעע, זייט איהר דורך אייער פערזענליכען אינטערעס גופֿי געטריבען צו עמפּפאַנגען איהר מיט ליעבע און ערגעבענהייט. איהר זייט אין דער גליקליכער לאַגע, דאָס גראַדע דיזעס, אין וואָס אייער וואַהרער פערזענליכער אינטערעס בעשטייט, קניפּט זיך צוזאַמען מיט דעם לעבענדען פולס פון דיא געשיכטע, מיט דעם טרייבענדען לעבענס-פרינציפּ פון זיטליכע ענטוויקלונג. איהר קענט זיך דאַהער אָבגעבען מיט פערזענליכען אינטערעס און ליידענשאַפֿט פֿיר דיא גע־שיכטליכע ענטוויקלונג, אין איהר קענט זיין זיכער, אַז וואָס קרעפֿטיגער און היצי־גער וועט זיין אייער ליידענשאַפֿט פֿיר דיא ענטוויקלונג אין דעם ריינען זינען וויא איך האָב עס איך ערקלערט, דאָס מעהר וועט איהר בלייבען זיטליך אין ערעל.

דאָס זיינען דיא גרינדען, מיינע הערען, וואַרום דיא הערשאַפֿט פון דיא פֿיערטע קלאַססע איבער'ן שטאַאט וועט פֿיהרען צו אַזאַ בליהונג פון זיטליכקייט, ציוויליזאַציאָן און וויסענשאַפֿט, וויא דאָס איז נאָך ניט פֿאָרגיקימען אין דער געשיכטע.

צו דיזע אויפֿבליהונג פֿיהרט איך נאָך אַנאַנדער גרונד, וועלכער איז ווידער זעהר מיעף אין פֿעסט צוזאַמענגישמאָלצען מיט דיא אַלע אָנגיצייגטע בעטראַכ־טונגען אין וועלכער בילדעט זייער פֿונדאַמענט-שטיין.

דיא פֿיערטע קלאַססע האָט ניט ניר אַנאַנדערן גרינדליכען פּאָליטישען פרינ־ציפּ אַלס דיא בורזשואַזיע, נעמליך דאָס אַלגימיינע דירעקטע וואַהלרעכט אַנשטאָט דעם צענזוס פון דיא בורזשואַזיע; זיא האָט ווייטער, דורך איהרע שטעלונג אין לעבען, ניט ניר אַ גאַנץ אַנדערע בעציהונג צו זיטליכקייט אין בילדונג אַלס דיא העכערע קלאַססען; ואָנדערן זיא האָט אויך—און טהיילוויז אַלס שלוס פון דעם—אַ גאַנץ אַנדערע און פֿערשידענע אידעע פֿון דעם זיטליכען צוועק פון שטאַאט אַלס דיא בורזשואַזיע.

דיא זיטליכע שטאַאטס-אידעע פֿון דיא בורזשואַזיע איז אויסשליסליך דיזע, דאָס יעדעס איינצעלנען דאַרף גאַראַנטירט זיין אונגעהינדערטע, פֿאָלקאָמען פֿרייע טהעטיגקייט פון זיינע קרעפֿטע און פֿעהיגקייטען.

ווען אַלע מענשען וואָלטען גיווען גלייך שטאַרק, גלייך געשייט, גלייך גע־בילדעט און גלייך רייך, דאַן וואָלט מען קענען בעטראַכטען דיזע אידעע אַלס אַ זיטליכע און צוועקמעסיגע. אָבער אַזוי וויא מיר זיינען ניט און קע־

נ ע ן  נ י ט  זיין גלייך אויף דיזע אַרט, זאָ איז דיזע אידעע ניט גענינגענד אין
פֿיהרט דעריבער נויטווענדיגערווייזע צו אַ טיעפֿע אונזיטליכקייט אין דעם גאַנצען
גיזעלשאַפֿטליכען לעבין; דען זיא טרייבט דערצו, דאָס דער שטאַרקערער, גע-
שיטעסטער און רייכערער זויגען איום און דריקען דעם שוואַכערען, זאָ דאָס פֿאַר
דעם לעצטען בלייבט זאָ גוט וויא גאָר ניט.

דיא זיטליכע אידעע פון דיא אַרבייטערקלאַססע איז דאַגעגען דיזע, דאָס
דיא אונגישטערטע און פֿרייע טהעטיגקייט פון פערזענליכע אָדער אינדיווידועלע
קרעפֿטע פין יעדען בעזונדער איז נאָך ניט גענינגענד; זאָנדערן דאָס מען מוז נאָך
עטוואָס צ ו ג ע ב ע ן צו דיזע טהעטיגקייט אין אַ זיטליך איינגעריכטעטע גיזעל-
שאַפֿט, און נעמליך דיא ס אָ ל י ד אַ ר י ט ע ט (אחדות) פֿין אינטערעסען, דיא
ג י מ יי נ ז אַ מ ק יי ט און ג ע ג ע נ ז יי ט י ג ע  א ו נ ט ע ר ש ט י צ ו נ ג אין
דער ע נ ט וו י ק ל ו נ ג.

דיא בורזשואַזיע אָבער, וועלכע גייט אַרויס פֿין איין אַנדערן שטאַנדפונקט,
פֿערשטייט דעם זיטליכען צוועק פון שטאַאַט נאָר אין דעם זינען דאָס ער בעשטייט
איינציג און אַליין נור פֿיר דיא בעשיצונג פון פערזענליכע פֿרייהייט און פריוואַט
אייגענטהום.

דאָס איז אַ נאַכטוועכטער-אָדער פאָליציסטען-אידעע, מיינע העררען, און אַ
נאַכטוועכטער-אידעע דאַרום, ווייל זיא שטעלט פֿאָר דעם שטאַאַט נור אין דער גע-
שטאַלט פֿון אַ פאָליציסט, וועמעס גאַנצע בעשעפֿטיגונג בעשטייט אין פֿערהיטען
גנבה און גזלה. ליידער אָבער איז דיזע נאַכטוועכטער-אידעע אָנגענומען ניט
נור פֿון דיא ליבעראַלען אַליין, זאָנדערן אויך אָפֿט פֿון פֿיעלע זאָ גינאַנטע דעמאָ-
קראַטען וועגין זייערע אונקלאָרע בעגריפֿע און שטרעבונגען. ווען דיא בורזשו-
אַזיע וואָלט וועלין זיין גאַנץ קאָנזעקווענט ביז'ן סוף, זאָ וואָלט זיא מוזען אַנער-
קענען, דאָס, נאָך איהרע אייגענע געדאַנקען, וואָלט דער שטאַאַט גיוועזן גאַנץ
איבערפֿליסיג, ווען עס וואָלטין מעהר קיינע גנבים און מערדער ניט גיוועזן אויף
דער וועלט (*).

(*) דיעזע שטאַאַטסאידעע, וועלכע פֿערניכטעט אייגענטליך דעם שטאַאַט אין גאַנצען און
מאַכט פון איהם אַ גאַנץ איינפֿאַכע בירגערליכע גיזעלשאַפֿט פֿון עגאָאיסטישע אינטערעסען, איז
דיא שטאַאַטסאידעע פֿין ל י ב ע ר אַ ל י ז מ ו ס, און זיא איז געשיכטליך פֿאָרגעבראַכט און ענט-
וויקעלטע גיוואָרען פֿון דיא ליבעראַלען. בעטראַכטענדיג דיא גרויסע מאַכט, וועלכע דיזע
שטאַאַטס-אידעע האָט עררייכט, בילדעט זיא דיא אמת'ע גיפֿאַהר פֿון גייסטיגע און מאָראַלע פֿער-
דאָרבענהייט, דיא אמת'ע גיפֿאַהר פֿון אַ „מאָדערנע באַרבאַריי", וועלכע בעשטייט שוין היינט,
אין דייטשלאַנד קעמפֿט, צום גליק, געגען איהר דיא אַלטע בילדונג און לעהרען, וועלכע זיי-
נען גיוואָרען דיא אונצערשטערבאַרע פונדאַמענטען פֿון דייטשען גייסט און דענקען. דיזע לעה-
רען פֿיהרען צו דיא אַנזיכט „דאָס מען דאַרף נויטווענדיג פֿערברייטערן דעם בעגריף פֿון שטאַאַט
ביז וואַנען, נאָך מיינער מיינונג, מען קען עס פֿערברייטערן, און דאָס דער שטאַאַט דאַרף פֿער-
בלייבען אַזאַ א יי נ ר י כ ט ו נ ג, אין וועלכער דיא ג אַ נ צ ע  ט ו ג ע נ ד  ד ע ר  מ ע נ ש-
ה יי ט  ז אָ ל  ז י ך  ק ע נ ע ן  ע נ ט וו י ק ל ע ן  א ו ן  פֿ ע ר וו י ר ק ל י כ ע ן". (אויגוסט
בעק'ס (Boeckh) ווערטער אין זיינער אוניווערזיטעטס-פֿעסטרעדע פֿון 22 מערץ 1862). —
ל אַ ס ס אַ ל.

איך בעט יעצט דעם לעזער ווידער צו לעזען מיינע בעמערקינג אין בעצוג אויף דעם זאָ

גאַנץ אַנדערס, מיינע הערנען, בעגרייפֿט דיא פֿיערטע קלאַססע דעם שטאַאַטס-צוועק, און זיא בעגרייפֿט איהם נעמליך אַזוי, וויא ער בעשטייט אין דער וואַהרהייט.

דיא געשיכטע, מיינע הערנען, איז איין קאַמפף מיט דיא נאַטור; אַ קאַמפף מיט עלענד, אונוויסענהייט, אַרמוטה, שוואַכהייט, אין וועלכע מיר האָבין זיך בעפֿונדען, ווען דאָס מענשליכע געשלעכט איז אין אָנפֿאַנג אויפֿגיטראָטען אויף דיא סצענע פֿון דיא געשיכטע. דיא פֿאָרטשרייטענדע בעזיעגונג פֿון דיזע שוואַכהייטען — דאָס איז דיא ענטוויקלונג פֿון פֿרייהייט, וועלכע דיא געשיכטע צייגט אונז.

אין דיזען קאַמפף וואָלטין מיר קיינמאָל ניט גיקענט מאַכען אפילו איין שריט פֿאָרווערטס און מיר וועלין אויך ניעמאַלס איינען שריט וויטער געהען, ווען מיר וואָלטען גיהאַנדעלט אָדער וועלין האַנדלען נאָך דעם פרינציפ: יעדער פֿיר זיך, יעדער אַליין.

דאָס איז נעמליך דער שטאַאַט, וועלכער האָט דעם בערוף דורכצופֿיהרען דיזע ענטוויקלונג פֿון פֿרייהייט, דיזע ענטוויקלונג פֿון דיא מענשהייט צו דיא העכסטע פֿרייהייט.

דער שטאַאַט איז דיא איינהייט פון אינדיווידועֹן אין אַ זיטליכע גיזעלשאַפֿט; אַ פֿעראייניגונג, וועלכע פֿערשטערקערט מיליאָנענפֿאַך דיא קרעפֿטע פֿון איינצעלנע, וואָס זיינען אין איהר איינגיטראָטען, און וועלכע פֿערגרעסערט מיליאָנענפֿאַך דיא קראַפֿט, וואָס יעדער איינצעלנער קען אָנווענדען און בענוצען.

דער צוועק פֿון שטאַאַט איז אַלזאָ ניט דיזער, דאָס מען זאָל בעשיצען דיא פערזענליכע פֿרייהייט און אייגענטהום פֿון דעם איינצעלנען, וויא דאָס איז אַנערקענט און דורכגעפֿיהרט פֿין דיא בורזשואַזיע. אין גגענטהייל, דער צוועק פֿון שטאַאַט איז נעמליך דיזער, דאָס דורך דיא פֿעראייניגונג זאָל יעדער איינצעלנער זיין אין שטאַנד צו עררייכען זאָלכע צוועקע אין אַזאַ שטופֿע פֿון עקזיסטענץ, וועלכע דיא מענשין וועלין קיינמאָל ניט קענען עררייכען האַנדלענדיג בעזונדער; און צו בעקומען אַזאַ צושטאַנד פֿון בילדונג, מאַכט אין פֿרייהייט, וועלכע דיא מענשין וועלין קיינמאָל ניט קענען ערווערבען פֿערבלייבענדיג יעדער פֿיר זיך אַליין.

דער צוועק פֿון שטאַאַט איז אַלזאָ צו ברייגגען יעדען מענשען צו אַ ווירקליכע און פֿאָרטשרייטענדע אויבברייטונג און ענטוויקלונג; מיט אַנדערע ווערטער צו ברייגגען דיא מענשליכע בעשטימונג — ד. ה. דיא בילדונג און ציוויליזאַציאָן צו וועלכע דיא מענשהייט איז פֿעהיג — אין אַ ווירקליכע עקזיסטענץ;

---

גענאַנטען אַנאַרכיזמוס, וועלכע איך האָב גימאַכט וועגין לאַססאַל'ס העכסט ריכטיגע און טיעפֿזינניגע ערקלערונג, אַז דיא בעוועגונג וועהרענד דיא דייטשע בויערנקריעגע איז אין גרונד גיוועזן רעאַקציאָנער. איך בעט אויך דעם ערנסטען לעזער מיט דיא גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט דורכצולעזען אַלעס וואָס לאַססאַל זאָגט אין בעצוג אויף דיא גרונדאידעען און דעם שטאַאַט פֿון דיא פֿיערטע און לעצטע קלאַססע, ד. ה. פֿון דיא גאַנצע אַרבייטענדע מענשהייט; דען דאָס לאָזט זיך ניט לייכט פֿערשטיין פֿון ערסטען בליק. דער איבערזעצער.

דער שטאַאטסצוועק איז דיא ערציהונג און ענטוויקלונג פֿון דיא גאַנצע מענשהייט צו פֿרייהייט.

דאָס איז דיא ריכטיגע זיטליכע נאַטור פֿון שטאַאט, מיינע העררען; דאָס איז זיינע וואַהרע און העכערע אויפֿגאַבע. און דיזע אויפֿגאַבע איז אזוי ריכטיג, דאָס זייט אַלע צייטען איז זיא, דורך דעם צוואַנג פֿון דיא פֿערהעלטניסע און זאַכען גיפֿי, מעהר אָדער וויניגער דורכגעפֿיהרט געוואָרן פֿון דעם שטאַאט אָהנע זיין ווילען, אינבעוואוסט אין זאָגאַר געגען דעם ווילען פֿון זיינע אָנפֿיהרער.

אָבער דיא אַרבייטערקלאַססע, מיינע העררען, דיא אונטערע קלאַססען דער געזעלשאַפֿט אין אַלגעמיין האָבין שוין, דורך דיא טרויעריגע, הילפֿלאָזע לאַגע, אין וועלכער זייערע מיטגליעדער געפֿינען זיך אַלס איינצעלנע פערזאָנען, דעם טיעפֿען אינסטינקט (ערסטעס אין אונבעקלערטעס געפֿיהל), אַז דיא בעשטימונג פֿון שטאַאט איז אין מוז זיין: צו העלפֿען יעדעם איינצעלנען, דורך דיא פֿעראייניגונג פֿון אַלע, צו ערורייכען אזא ענטוויקלונג, וועלכע ער וואָלט ניט פֿעהיג געוועזן צו ערווערבען זיך דורך זיינע איינצעלנע קרעפֿטע.

דער שטאַאט אַלזאָ, וועלכער וועט אייפֿגעשטעלט ווערן אונטער דיא העררשאַפֿט פֿון דיא אידעע דער אַרבייטערקלאַססע, וועט ניט מעהר געטריבען ווערן וויא אַלע שטאַאטען ביז יעצט, צו ערפֿילען אונבעוואוסט און אָפֿט זאָגאַר ווידער-וויליג זיין אויפֿגאַבע דורך דיא נאַטור פֿון זאַכען זעלבסט און דורך דעם צוואַנג פֿון אומשטענדען; זאָנדערן ער וועט מאַכען דיזע זיטליכע נאַטור פֿון שטאַאט פֿאַר זיין אויפֿגאַבע מיט דיא העכסטע קלאָרהייט און מיט פֿולען בעוואוסטזיין. דער אַרבייטער-שטאַאט וועט אויספֿילען מיט פֿרייען גוטען ווילען אין מיט פֿאָלקאָמענע קאָנזעקווענץ דאָס, וואָס מען האָט ביז יעצט אויסגעריסען שטיקלעכווייז אין דיא נויטיגסטע זאַכען געגען דעם ווילען פֿון דיא פריווילעגירטע קלאַססען; און דערפֿאַר טאַקי וועט ער נויטווענדיג—דיא צייט ערלויבט מיר לייד דער ניט אייך גענוי אין איינצעלהייטען צו ערקלערען דיזען נויטווענדיגען צוואַמענהאַנג פֿון אורזאַכע און פֿאָלגע—שאַפֿען אַזאַ פֿערברייטונג און אויפֿוואַכסען פֿון מענשליכען גייסט, איינע ענטוויקלונג פֿון אַזאַ סך הכל פֿון גליק, בילדונג, וואָהלזיין און פֿרייהייט, וועלכע וועלין בלייבען אָהנע בייזפיל אין דער וועלט-געשיכטע און אין פֿערגלייך מיט וועלכע דיא אַלע בעסטע און גערימטעסטע צושטאַנדען אין דיא פֿריהערע צייטען וועלען שיינען נור אַלס אַ שוואַכער שאָטען.

דאָס איז עס, מיינע העררען, וואָס מען מוז רופֿען דיא שטאַאטס-אידעע פֿון דיא אַרבייטערקלאַססע; און וויא איהר זעהט, איז דער בעגריף פֿון דיא אַרבייטערקלאַסע איבער דעם שטאַאטסצוועק עבענזאָ ווייט פֿון דעם בעגריף דער בורזשואַזיע, וויא דער פרינציפ דער אַרבייטערקלאַססע, אַז אַלע דאַרפֿען אַנטהייל נעהמען אין דיא בעשטימונג פֿון שטאַאטסווילען, אָדער וויא דער פרינציפ פֿון אַלגעמיינע וואַהלרעכט איז ווייט פֿון דעם פרינציפ דער בורזשואַזיע, נעמליך פֿון דעם צענזוס.

* * *

דיזע אַלע אידעען, וועלכע איך האָב אייך דאָ אויפֿגיקלערט און ענטוויקעלט, מוזען בעטראַכט ווערן אַלס דיא אַלגימיינע אידעע דער אַרבייטערקלאַססע. איך האָב איהר נעמליך אין אויג גיהאַט, ווען איך האָב אייך אין אָנפֿאַנג גירעט וועגין דעם בעזאָנדערן צוזאַמענהאַנג פֿון דיא געשיכטס-פעריאָדע, אין וועלכער מיר לעבען, מיט דיזע פֿון דיא אידעע פֿון דיא אַרבייטערקלאַססע. אין דאָס איז נעמ-ליך דיא אין פֿעברואַר 1848 יאָהר אָנגעפֿאַנגענע נייע געשיכטספעריאָדע, וועלכער איז בעשטימט געוואָרן דיזע אויפֿגאַבע צו פֿערווירקליכען, און צו ברייגנען אין פראַקטישען לעבען דיזע שטאַאטסאידעע. מיר קענען זיך פֿרייען, מיינע הערען, דאָס מיר זיינען גיבאָרן גיוואָרן אין אַ צייט, וועלכע איז בעשטימט צו זעהען דיזע הערליכע אַרבייט דער געשיכטע און אין וועלכער מיר קענען מיטווירקען, אַז דיזע אַרבייט זאָל גיכער גישעהען.

אָבער אויף אַלע, וואָס גיהערן צו דיא אַרבייטערקלאַססע, ליגט יעצט דיא פפֿליכט פון אַ גאַנץ נייע האַלטונג.

קיין זאַך איז ניט אין שטאַנד אַרויפֿצולייגען אויף אַ קלאַססע דעם שטעמפעל פֿון זעלבסטווירדע און זיטליכקייט, וויא דער בעוואוסטזיין, אַז זיא איז בעשטימט צו ווערן דיא הערשענדע קלאַססע, אַז זיא איז בערופֿען אויפֿצוהייבען איהר פרינ-ציפ צום פרינציפ פֿון דיא גאַנצע מענשהייט אין אַ געוויסע געשיכטספעריאָדע, צו מאַכען איהרע אידעע פֿאַר איינע אָנפֿיהרענדע אידעע דער גאַנצען גיזעלשאַפֿט און צו שטיפֿטען אויף דיזע וויזע דעם שטאַאט און דיא געזעלשאַפֿט נאָך איהר פלאַן און געדאַנקען.

דיא הויכע וועלטגעשיכטליכע עהרע פֿון אַזאַ בעשטימונג מוז פֿערנעהמען אַלע אייערע געדאַנקען און שטרעבונגען. אייך פאַכט מעהר ניט דער יאָך פֿון אונטערדריקטע, דיא אייטלע און נאַרישע צערשטרויאונגען פֿון געדאַנקענלאָזע מענשען און אפילו ניט דער פיסטער לייכטזין פֿון קליינע מענשעלעך. ניין! איהר זייט דער פֿעלז, דער גראַניט-פֿונדאַמענט, אויף וועלכען דער בית המקדש פֿון דער נייען צייט דאַרף אויפֿגיבויט ווערן!

דער הויכער זיטליכער ערנסט פֿון ד י ז ע ן געדאַנקען אַליין דאַרף מיט אַ געוואַלטיגע צוציהענדע קראַפֿט אַרומנעהמען אייער גייסט, אָנפֿילען אייער מוטה און בילדען אייער גאַנצען לעבען אַזוי, אַז איהר זאָלט ווערטה און פֿעהיג זיין דיזען געדאַנקען פֿאָרצושטעלען און דורכצופֿיהרען. דעם זיטליכען ערנסט פֿון דיזען געדאַנקען דאַרפֿט איהר קיינמאָל ניט פֿערלאָזען און פֿערנאַכלעסיגען, זאָנדערן ער דאַרף פֿערנעהמען אייער האַרץ אין דיא ווערקשטעלען וועהרענד איהר אַרבייט, אין אייערע פֿרייע רוהע שטונדען, אין אייערע שפּאַציערגאַנגען, אין אייערע צוזאַ-מענקומען אין פֿערזאַמלונגען. אפילו ווען איהר לייגט זיך שלאָפֿען אויף אייער שלעכטען און האַרטען גילעגער, דאַרף דיזער געדאַנקען בעשעפֿטיגען און פֿער-נעהמען אייער גייסט ביז ער פֿערלירט זיך אין דיא האַלזונגען פֿון דעם טרוימגאָט. וואָס מעהרער און אויספֿיהרליכער איהר, אַרבייטער, וועט זיך פֿערטיפֿען אין דעם זיטליכען ערנסט פֿון דיזען געדאַנקען און וואָס ריינער און ענערגישער איהר וועט זיך אָנשליסען און צוציהען צו איהם, דעסטאָ מעהרער, זייט זיכער אין דעם,

ועט איהר פערגיכערן דיא צייט, אין וועלכער אינזערע נייע געשיכטספעריאָדע וועט ערפילען איהר אויפגאַבע, דעסטאָ שנעלער וועט איהר קענען דורכפיהרען דיזע איפגאַבע.

ווען צווישען איך, מיינע הערערן, וועלכע זיינען יעצט מינע צוהערער, וועלין זיך געפינען אפילו נור צוויי אָדער דריי, אין וועמען עס וועט מיר געלינגען אַריינצורינגען דעם זיטליכען פלאַם פין דיזען געדאַנקען אין דער אַרטיגער פערטיפונג, וויא איך האָב עס אייך געשילדערט,—זאָ וועל איך דאָס שוין אָננעהמען פאַר אַ גרויסען געווינס אין וועל מיך רעכענען רייך בעלוינט פאַר מיין פאָרטראַג.

פריהער פאַר אַלץ, מיינע הערערן, מוזען אייערע הערצער פרעמד בלייבען צו מוטהלאָזיגקייט אין צווייפעל, צו וועלכע עס קען לייכט פיהרען איינע אונגעניגענדע אין ניט גענוג קלאָרע און ווייטע בעטראַכטונג פון געשיכטליכע עראייגניסע.

אַזוי איז עס צום ביישפיעל גראַדע ניט ריכטיג אַז דיא צווייטע פראַנציזישע רעפובליק איז געשטירצט געוואָרן דורך דעם שטאַאטסשטרייך פין נאַפּאָלעאָן III אין דעצעמבער 1851 יאָהר.

דאָס נעמליך, וואָס עס האָט זיך ניט געקענט אָנהאַלטען אין פראַנקרייך אין וואָס עס איז דאַמאָלסווירקליך אונטערגעגאַנגען, דאָס איז געוועזן ניט דיא רעפובליק, וועלכע האָט, וויא איך האָב אייך עס שוין פערציילט, פערניכטעט דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט דורך דאָס וואַהלגעזעץ פין 30 מאַי 1850 יאָהר און וועלכע האָט אין אַ בעהאַלטענע פאָרמע איינגעפיהרט דעם צענזוס געגין דיא אַרבייטער. דאָס איז געוועזן אַ בורזשואַזיע-רעפובליק, וועלכע האָט געוואָלט אַרויפליגען דעם שטעמפּעל דער בורזשואַזיע, דיא הערשאַפט פון קאַפּיטאַל, אויך אויף דעם רעפובליקאַנישען שטאַאַט. און דאָס האָט עס נאַפּאָלעאָנ׳ען III געגעבען דיא מעגליכקייט צו שטירצען דיזע רעפובליק דורך אַ שיינבאַרע צוריקשטעלונג פין דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט; אַנדערס וואָלט ער געפונען איינע אונאיבערשטייגליכע וואַנד אין דיא ברוסט פון דיא אַרבייטער.

וואָס אַלזאָ עס האָט זיך דאַמאָלס ניט געקענט אָנהאַלטען אין פראַנקרייך און וואָס עס אין דער טהאַט געשטירצט געוואָרן, איז ניט געוועזן דיא רעפּובליק אַלס פאָרמע פין שטאַאַט, זאָנדערן דיא בורזשואַ-רעפּובליק; אין אַזוי ציינט זיך אַרויס און בעשטעטיגט זיך, נאָך אַ ריכטיגע אין קלאָרועהענדע בעטראַכטונג, אויך אין דיזען ביישפיל, דאָס דיא געשיכטספעריאָדע, אין וועלכער מיר זיינען איינגעטראָטען זייט פעברואַר 1848, פערטראָגט שוין מעהר ניט קיינע שטאַאַט—גאַנץ גלייך אין מאָנאַרכישע- אָדער רעפובליקאַנישער פאָרמע—וועלכער וויל אַרויפדריקען דעם הערשענדען פּאָליטישען שטעמפעל פין דיא דריטע קלאַססע אויף דיא געזעלשאַפט.

פון דיא הויכע בערגשפיצען דער [illegible] מיינע הערערן, זעהט מען דיא מאָרגענרעטהע פין דעם [illegible] נטען אין דעם גיבומעל פין דעם געוויינליכען לעבען [illegible]

האָט איהר אַמאָל, מיינע הערען, בייגעוואָהנט אַ זאָננעאויפּגאַנג, קוקענדיג פון אַ הויכען באַרג?

אַ פורפורשטריך פּאַרבט רויט און בלוטיג דעם וויטעסטען עק פון הימעל, אָנקינדענדיג דאָס נייע ליכט; טומאַן און וואָלקענס קלייבען זיך אויף, קייקלען זיך צוזאַמען, וואַרפען זיך געגענאיבער דיא מאָרגענרעטהע און פּערשטעלען אויף אַ ווילע איהרע שטראַהלען, — אָבער קיינע מאַכט אויף דער ערד איז ניט אין שטאַנד צו פּערהינדערן דעם לאַנגזאַמען און מאַיעסטעטישען אויפשטייגען פון דיא זון זעלבסט, וועלכע ווערט אין אַ שטינדע אַרום שטעהען אויפ'ן הימעל זיכט־באַר פאַר אַלעמען, בעלייכטענדיג און ערוואַרמענדיג דיא ערד.

וואָס עס דויערט נור איינע שטונדע אין דיזען שוישפּיעל דער נאַטור יעדען טאָג, דאָס דויערט איינינע צעהנדליגע יאָהרען אין דעם נאָך מעהר אַנציהענדען און הערליכען שוישפּיעל פון וועלטגעשיכטליכען זאָננענאויפּגאַנג.

ע נ ד ע.



## דרוק-פעהלער:

| זייט | שורה | שטייט | דאַרף שטיין | זייט | שורה | שטייט | דאַרף שטיין |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| II | 31 | דאָט | דאָס | II | 42 | ערשיינוגגען | ערשיינונגען |
| III | 2 | פּרעזידענט | פרעזידענט | III | 5 | גאָך | נאָך |
| 7 | 35 | אינדיוווידואַליסטען | אינדיווידואַליסטען | 8 | 22 | מיטעלאַלטאַער | מיטעלאַלטער |
| 11 | 23 | פּראָדוקציאָן | פראָדוקציאָן | 11 | 32 | אַ ריקאַ | אַפריקאַ |
| „ | 25 | פּאַנאַנאַנדערלייגונג | פאַנאַנדערלייגונג | 19 | 23 | און | אונז |

## בעקאַנטמאַכונג

קירצליך וועט ערשיינען דיא צווייטע בראָשורע פון דיא גרופּפּע „פּראָוועראַטס"

— מיט דעם נאָמען —

# וואָס ווילען דיא

# סאָציאַל - דעמאָקראַטען?

און וועט צוגלייך אויפקלערען דאָס פּראָגראַם פון דיא גרופּפּע.

בעשטעלונגען און בריעף צו אַדרעסירען אַן געזאָסטע גילי־ראָוו אויף דיא אַדרעסע פון דיא „אַרבייטערפריינד" רעדאַקציי [illegible] ען קענען זיך אויך אַדרעסירען דירעקט אַן דיא „אידישע סע[illegible] יטער פּאַרטיי" אין ניו-יאָרק.